שלמה דאַווידמאַן

# אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן

## שול־געשיכטעס

ערשטער באַנד פון אַ סעריע
„פון און אַרום די אידישע קינדער־שולן"

ניו־יאָרק • 1952

**געווידמעט:** די אומדערמידלעכע שול־טוער וואָס האָבן
געהאָלפֿן בויען די אידישע פּראָגרעסיווע שולן.

# A LANGUAGE IS LIKE A GARDEN

*SHORT STORIES*

*By* Solomon Davidman



PRINTED IN U.S.A.
209

# אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן

## אינהאַלט:

זייטן

עס גרייט זיך צום דרוק

א סעריע פון 20 דינע ביכער אונטערן נאָמען „פון אונ אָרום די אידישע קינדער שולן"

פון **שלמה דאַווידמאַן**

ע ר ש ט ע ר  ב אַ נ ד :

„אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן".

צ ו ו י י ט ע ר  ב אַ נ ד :

„אַלגינס וואָרט איז ווי אַ ליד" (גרייט זיך צום דרוק).

# אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן!...

איך האָב אַ טאָכטער, איז זי שוין באַלד אַלט גאַנצע פופצן יאָר. אַ שיינע איז זי, מיין טאָכטער כייקע, ווי שולמית פון שיר השירים. און זי לייענט און שרייבט און רעדט אידיש. זי לערנט זיך אין דער ברוקלינער אידישער מיטלשול אויפן נאָמען פון יצחק לייבוש פּרץ.

זיצט זי זיך אַליין, אין אַן אָוונט אין איר צימער, און לייענט זיך „מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס", פון שלום עליכם. זי לייענט, לאַכט און האָט הנאה, פונקט ווי איך האָב הנאה געהאַט ווען איך האָב געלייענט שלום עליכמ׳ס ווערק. מיר רעדן אַמאָל וועגן שלום עליכמ׳ס מעשיות.

איך זאָג איר, אַז פון היינט אָן און וויטער ווערט ביי מיר עפּעס פאַרבונדן: „מאָטל פּייסי׳ס" מיט מאָטעלע גערמאַן, מיין יונגער לאַנדסמאַן פון מאָגיליאָוו-פּאָדאָלסק, וואָס האָט געראַטע-וועט צוויי טויזנט אידן פון די געטאָס, און איצט האָט ער זיך באַ-זעצט אין בירא-בידזשאַן און וועט דאָרטן אויסוואַקסן גאָר אַ גרוי-סער מענטש.

מיין טאָכטער, כאָטש שוין איצט אַ דערוואַקסענער מענטש, שוין באַלד גאַנצע פופצן יאָר, האָט נאָך אַלץ ליב צו זיצן און רעדן מיט מיר, הערן ווי איך רעד, דערצייל, פּונקט ווי איך פלעג איר דערציילן מעשה׳לעך אויף אידיש אין אירע קינדערישע יאָרן.

מיין טאָכטער איז שוין עטלעכע זומערן געווען אין אידישן קעמפּ „קינדערלאַנד", און זי האָט זיך דאָרטן אויסגעצייכנט אין אַ ריי אַקטיוויטעטן: אין וואַסער-ספּאָרט, אין פעלד-ספּאָרט, אין דער פירערשאַפט פון איר באַנגעלאָ, אין פירן דעם אָרקעסטער, אין טאַנצן. אַ טאַלאַנטפולע טענצערין איז זי. זי איז געווען פון די

בעסטע אויסטייטשערינס פון אידיט סיגל׳ס פאָלקס־טענץ; זי האָט פאַרשטאַנען און אַרויסגעבראַכט דעם קניטש, דעם חן פון אי־דישן טאַנץ.

און איצט האָט זי מיט אירע חברים און חבר׳טעס פון דער ערשטער גרופּע, די 14־15־16־יאָריגע אינגלעך און מיידלעך, גע־בראַכט אַ נייע אידייע: מ׳האָט אָרגאַניזירט אַן ערב־יוגנט קלוב און זי איז דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענטין און מען פּאַרמעסט זיך איבערצויאָגן דעם יוגנטלעכן אידיש־רעדנדיקן קלוב נומער 100 אויפן נאָמען פון בצלאל פרידמאַן . . .

איז אָט־די טאָכטער האָט שוין אַביסל צרות פון דער אידישער שפּראַך. די צרות קומען פון אירע פריינט אין דער הײַ־סקול, אין גאַס, צווישן שכנים. די פריינט אירע האַלטן איר אין איין אַריינ־זאָגן: „וואָס טויג דיר א י ד י ש? וואָס טויג דיר די אידישע שול?״

דערציילט זי מיר, די טאָכטער מיינע, פון אירע צרות, און זי דערציילט מיר, אַז זי פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס אירע פריינט „פ אַ ר ש ט י י ע ן ג אָ ר נ י ט״. זי דערציילט מיר, אַז אויך זייערע עלטערן רעדן אָפּטמאָל אידיש אין זייערע הייזער, און די קינדער פאַרשטייען אַ סך אידישע ווערטער. אָבער אַ מאָדנע זאַך, אַלע אידישע ווערטער, וואָס זיי קענען, זיינען עפּעס ציניש, אָפּ־לאָכעריש, חוזק׳דיגע . . .

„לייענען ניט זייערע עלטערן קיין אידישע צייטונג, קיין אי־דישן בוך?״ — פרעגט מיך מיין טאָכטער.

צעשמייכל איך זיך פון מיין טאָכטער׳ס פראַגע. און בשעת־מעשה טראַכט איך וועגן אַ גוטן ענטפער. איך וויל איר עפּעס אַזוי ענטפערן, אַז זי זאָל פאַרשטיין די פּראָבלעמען פון דער אידישער שפּראַך און דער אידישער קולטור אויף דער אַמעריקאַנער אידי־שער גאַס, אויף די אַמעריקאַנער אידישע עוועניוס און אויף די אַמעריקאַנער אידישע געסלעך.

„אַ שפּראַך איז געגליכן צו אַ גאָרטן״, הויב איך אָן אין אַ מעשה־פאָרמע. „אַ שפּראַך קאָן זיין שיין, און אַ גאָרטן קאָן זיין

שיין. אָבער די נאַטור שאַפט ניט קיין שיינעם גאָרטן, מען דאַרף צולייגן די מענטשלעכע הענט. דער גערטנער גראָבט אויס די ערד. ער גראָבט אין גלייכע שיינע ליניעס. ער וואַרפט אַוועק די שטיינער אין אַ זייט. אויף שטיינער קאָן גאָרניט וואַקסן. דער־נאָך לייגט ער עפּעס אַריין אין דער ערד, די זריעה, ער דעקט עס צו. דערנאָך וואַרט ער, אַז דער רעגן זאָל באַוואַסערן די ערד. נאָר אויב קיין רעגן קומט ניט אין צייט, ברענגט ער וואַסער, שלעפּט עמערס, פּעסער און באַגיסט, און יעדן טאָג קומט ער זען, צי עס וואַקסט עפּעס אַרויס פון דער ערד. און אַז עס הויבן אָן אַרויס־וואַקסן די ערשטע שפּראָצן פון די פּרוכטן, באַווייזן זיך אויך ווילדע גראָזן. בויגט ער זיך איין, דער גוטער גערטנער, און רייסט אויס די ווילדע גראָזן און וואַרפט זיי אַוועק אויף אַ זייט, לעבן די שטיי־נער, זיי זאָלן ניט שטערן די שיינע פּרוכטן צו וואַקסן.

און אַז די פּרוכטן קומען שוין אַרויס פון דער ערד און הויבן שוין אָן ווערן פאַרטיג, באַווייזן זיך מוראַזשקעס, זשוקעלעך, שלענגלעך, וואָס ווילן עסן און ווילן צעשטערן די גוטע פּרוכטן. בויגט זיך ווידער איין דער גוטער גערטנער און באַזייטיגט די קליינע פּאַראַזיטלעך, וואָס ווילן עסן פון יענעמ׳ס אַרבעט.

און אַז דער גערטנער נעמט שוין אַרונטער די פּרוכטן פון זיין גאָרטן, דאַרף ער זיי היטן; דאַרף ער זיי אַזוי האַלטן, אַז זיי זאָלן ניט פאַרפוילט ווערן, זאָלן ניט קאַליע ווערן, ביז ער וועט זיי עסן אָדער ביז ער וועט זיי פאַרקויפן; דאָס הייסט: פאַרבייטן פאַר אַן אַנדער אַרטיקל, וואָס ער דאַרף.

ניט אַלע מענטשן, וואָס עסן שיינע און גוטע פּרוכטן טראַכטן וועגן דעם גערטנער און זיין אַרבעט . . .

אָט קומסטו אין אַ פּאַרק, דו זעסט שיינע בלומען, רויזן אין פאַרשיידענע קאָלירן, בלומען פון פאַרשיידענער גרויס וואַקסן אַרויס אין שיינע רייען, שיינע גערטנדלעך. דאָס האָט די מענטשלעכע האַנט, די מענטשלעכע אַרבעט זיי באַפוילן אַזוי צו וואַקסן . . .

און די גרויסע ברייטע פעלדער מיט קאָרן, ווייץ . . . הכלל, דו

פאַרשטייסט, דו פאַרשטייסט, טאָכטער, אַז קיין זאַך וואַקסט ניט פון זיך אַליין.

פון זיך אַליין וואַקסן בלויז ווילדע גראָזן, ווילדע פּרוכטן, וויל־דע חיות און . . . ווילדע מענטשן . . .

אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן, ווי אַזוי דו פּאַרזייסט די שפּראַך, אַזוי וואַקסט זי אויס. אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט היטלער גע־הייסן אויסראָטן זעקס מיליאָן אידן און געוואָלט פאַרשקלאַפן די וועלט? — אויף דער דייטשער שפּראַך. און אויף דער זעלבער דייטשער שפּראַך האָבן דייטשע אַנטי־פאַשיסטן געפירט אַ קאַמף געגן אים . . .

אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט גערעדט אייבערהעם לינקאָלן און פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט, און אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט געשריבן מאַרק טוועין „טאָם סאָיער"? (ווי שלום עליכם „מאָטל פּייסי'ס") — אויף דער ענגלישער שפּראַך. און אויף דער זעלבער שפּראַך הערסטו אויף די ראַדיאָס, דו לייענסט אין די צייטונגען, וואָס אַמעריקאַנער רעאַקציאָנערן און פאַשיסטן רעדן. זיי ווילן, די וואָס זיינען געוואָרן זייער רייך פון דער לעצטער מלחמה, אַ נייע מלחמה אויף דער וועלט . . .

ווי אין אַלע שפּראַכן, ביי אַלע פעלקער, אַזוי איז אויך אין דער אידישער שפּראַך, אין אונזער גאָרטן.

איך וועל דיר דערציילן אַן אמתע מעשה: צוריק מיט אַ צוועלף יאָר האָבן זיך פאַרזאַמלט אין פּאַריז אידישע שרייבער, לערער, קינסטלער, פירער און טוער פון דער גאַנצער וועלט. זיי זיינען געווען און זיינען די גוטע גערטנער פון דעם אידיש־גאָרטן, פון דער אידישער שפּראַך, פון דער אידישער ליטעראַטור, פון אידישן טעאַטער. פון די אידישע שולן, פון דער אידישער וויסנשאַפט, פון דער אידישער קונסט . . . הכלל — דאָס וואָס הייסט  א י ד י ש ע  ק ו ל ט ו ר.

זיי האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַן אַלוועלטלעכן אידישן קול־טור־פאַרבאַנד, וואָס רופט זיך אין קורצן איקוף. זיי האָבן איבער

דער גאַנצער וועלט און אויך אין אַמעריקע, ארויסגעגעבן זשור־נאַלן, ביכער פאַר אידישע אַרבעטער, פאַר אידישע האַרעפּאַש־ניקעס, פאַרן פאָלק. זיי האָבן געעפנט שולן, ביבליאָטעקן, טעאַ־טערס . . . זיי האָבן אַריינגעצויגן גרויסע טיילן פון די אידן איבער דער וועלט אין דער קולטור־אַרבעט.

זיי האָבן געגוצט די אידישע שפּראַך, ווי אַ גערטנער זיין גאָרטן, מיט שיינע ווערטער, נוצלעכע, אינטערעסאַנטע און איג־טעליגענטע ווערטער . . . עס וואָלט געווען גאָר גוט ווען אַלע אידן העלפן בויען די אידישע שפּראַך און די אידישע קולטור. נאָר ניט אַלע פאַרשטייען און ניט אַלע ווילן פאַרשטיין.

פונקט ווי דיינע פריינט, טאָכטער, לאַכן פון דיין לערנען אי־דיש, פון דיין גיין אין אַ אידישער מיטלשול, אַזוי זיינען פאַראַן אין אַמעריקע גרויסע, דערוואַקסענע מענטשן, וואָס לאַכן פון אידישן גאָרטן. זיי ווייסן ניט פון „מאָטל פּייסים" און פון מאָטעלע גערמאַן (און זיי ווייסן אויך ניט פון „טאָם סאָיער"). זיי ווילן ניט וויסן פון שיינקייט. זיי ווילן פרעסן און זויפן און שפּילן אין „רייסעס" פון פערדלעך" . . .

און עס זיינען פאַראַן ווילדע גראָזן אויף דער אידישער גאַס, ווי אין גאָרטן, וואָס ווילן ניט לאָזן וואַקסן די שיינע פרוכטן . . . און עס זיינען פאַראַן מוראַזשקעס, זשוקלעך און ווערעמלעך און שלענגלעך, פונקט ווי אין גאָרטן, וואָס ווילן עסן פון גרייטן, פּאַראַ־זיטלעך, און צעשטערן די פרוכטן פאַרן גערטנער . . .

הכלל, ווי דו זעסט טאָכטער, איז אַ שפּראַך געגליכן צו אַ גאָרטן. די אידישע שפּראַך איז דער אידישער גאָרטן. און אויב מיר ווילן, אַז עס זאָלן וואַקסן שיינע פרוכטן, דאַרפן מיר אַר־בעטן שווער . . .

דו געדענקסט: מענדעלעס „דאָקטאָר"; פּרצ׳ס לידעלע „אַלע מענטשן זיינען ברידער" און מאָרים שוואַרצ׳ס אויפפירונג „די דריי מתנות"; שלום עליכמ׳ס „מאָטל פּייסי׳ס"; שלום אַשם „אַנקל מאָזעס"; אברהם רייזענס „ניט ווייט איז די צייט" און „העמערל,

העמערל קלאַפּ"; א. ראַבאַי'ס „לאַשיקל" און קאַפּיטלעך פון „מיין לעבן" און נאָך און נאָך. דו האָסט זיי, די אידישע שרייבער און זייערע ווערק, אין דיין טעקסט-בוך פון דער מיטל-שול" . . .

מיין טאָכטער האָט זיך גוט איינגעהערט. זי האָט זיך צע-שמייכלט און אויך עפּעס צוגעגעבן איר אייגנס:

„און אונזער גאָרטן איז זייער אַ גרויסער און אַ רייכער, אַ וועלטלעכער גאָרטן, ער ציט זיך פון ניו-יאָרק ביז בירא-בידזשאַן. פון מיר, אין דער ברוקלינער אידישער מיטלשול אויפן נאָמען פון יצחק לייבוש פּרץ ביז מאָטעלע גערמאַן פון דיין געבוירן-שטאָט מאָגיליאָוו-פּאָדאָלסק.

„איך וועל אויך וואַקסן אַ גערטנערין, טאַטע. איך פאַרשטיי שוין אַביסל מער. איך פאַרשטיי, אַז אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן!..."

(געדרוקט: 6טן אָקט. 1949, „טריבונע").

# די קינדער־שול מוז מען בויען!

אין דרויסן האָט דעמאָלט געבושעוועט אַ דעצעמבער־ווינט, אַ פּראָסטיגער, אַ בייסנדיגער, אַ שניידענדיגער. קיין קינדער זיינען אויף דער גאַס ניט געווען. קיין יוגנטלעכע זיינען אויף די ראָגן ניט געשטאַנען. און דערוואַקסענע, אַז זיי האָבן געדאַרפט ערגעץ צוגיין, זיינען זיי אַזש געלאָפן, אַזוי ביטער קאַלט איז געווען.

און פּונקט אין אַזאַ ברענענדיגן זונטאָג, ווען די מענטשן רוען זיך אויס פון דער וואָך, כאַפּן זיך אַריין ערגעץ אין אַ מואווי־פּלאַץ אָדער גייען צו־גאַסט, — זיינען די שול־טוער געקומען צוגרייטן די נייע דירה פאַר דער קינדער־שול.

אַ נייע דירה, עס רעדט זיך אַזוי. ווי קען זיך אונזער קינדער־שול דערלויבן צו האָבן אַ נייע דירה? — מיר מיינען אַן אַנדער אַלטע דירה. עס איז אַ געוועלבל, וואָס וועט בייטאָג זיין אַ קלאַס־צימער, אין אָוונט וועט עס דינען פאַר אַ מיטינג־זאַלעכל און צו אַ באַנקעט וועלן זיך אויסזעצן קוים פופציג מענטשן.

אָבער, אַז אין דער ערשטער אַלטער דירה איז געוואָרן אַזוי קאַלט. עס איז געווען אַ הויז, וואָס מען האָט שוין לאַנג געדאַרפט אַרונטערוואַרפן. און אַז די שכנים האָבן זיך אַרויסגעצויגן, האָט דער לענדלאָרד אינגאַנצן באַשלאָסן צו פאַרקלאַפּן זיין הויז און פּטור ווערן פון די „שטייערן".

און דער באַלעבאָס פון דער „נייער" דירה האָט געזאָגט גאַנץ פּשוט: „איך וועל ניט אַריינלייגן קיין פּעני עפּעס צו פאַרריכטן, נעמט אייך די „סטאָרקע" ווי זי שטייט און גייט!" האָט מען גע־נומען. אַ ברירה האָט מען געהאַט?!...

שטייען די טוער און אַרבעטן. עס זיינען געקומען אַרבעטן אַ זונטאָג פאַר דער שול: בעני דער פאַרבער, דוד דער קעלנער, לואי

דער שוסטער, רבקה די נייטאָרין, אָסקאַר דער מאָלער און דער לערער פון דער שול.

מען איז געפאַלן אויף אַ שׂכל: אַז מען וויל, אַז דאָס פּלאַץ זאָל ווערן גרעסער, דאַרף מען איבערדרייען די טיר. דאָס הייסט, אַזוי ווי די טיר עפנט זיך אַריין, פאַרנעמט זי אינווייניגסטן פּלאַץ און זי פאַרנעמט אַ שטיק „טעריטאָריע" אַרום אַריינגאַנג, וואָס מען וועט קענען נוצן. האָט מען אַרונטערגענומען די טיר און זי אַוועקגעלייגט: בעני זעגט אַרום די לייסטלעך אַרום דער טיר, וואָס האָבן פריער די טיר ניט אַרויסגעלאָזט. לואי שרויפט אַרויס די זאַווייעסעם און קערט זי איבער אויף דער לינקער זייט און שרויפט זי צוריק אַריין. רבקה האַלט צו אַביסל די טיר און דער לערער האַלט צו אַביסל די טיר. דוד פאַרריכט די עלעקטרישע איינריכ-טונגען. און דער ווינט, דער דעצעמבערדיגער, ברענענדיגער ווינט איז אַריין דורך דער אָפענער טיר און בלאָזט אין יעדן ווינקעלע און צופּט די אויערן און די נעז, פאַרקילט די פּים און די הענט. מען ציטערט פון קעלט, עס קנאַקן די ציינער אין מויל, נאָר מען שטייט און מען אַרבעט. די קינדער-שול מוז מען בויען!

אָט דערמאָנט מען זיך אין לעצטן קאָנצערטל פון דער שול. די קינדער האָבן דורכגעפירט אַ שפּיל. און דער שילער עדי, דאַכט זיך, אַזאַ ווילדער יינגל, האָט ער עס געשפּילט, ווי אַן אמת'ער אַקטיאָר. און אַ פאַרזיצער אויף יידיש איז ער געווען. און ווי דאָבי האָט פאָרגעלייענט די מעשה מיטן „טעפּל", איי, האָט מען געלאַכט! און ווי אַזוי דייענע האָט דעקלאַמירט „די שבועה"! אַזוי שטאַרק האָט זי דעקלאַמירט, אַז אַלע עלטערן זיינען פאַרציטערט געוואָרן. זיי האָבן טאַקע דערפילט, אַז די שול דערציט אַ נייע יוגנט, אַ שטאַרקע, אַ שטאָלצע.

און די שול-טוער האָבן זיך אינמיטן דער אַרבעט צערעדט וועגן די קינדער פון דער שול: וועגן דבורה'ן, וועגן רחל'ען און רחמיאלן און וואָלטערן, און מערעלי'ן, און גיטלע'ן, און שוירלי'ן, און מילדרעד'ן און נאָך, און נאָך, און נאָך.

און דערווייל האָט מען שוין די טיר אַריינגעשטעלט, איז טאַקע געוואָרן אַביסל וואַרימער, האָט מען זיך ערשט גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט אַרויסגעטריבן דעם ווינט אין דרויסן. רבקה האָט געקערט און געוואַשן און געווישט. לואי האָט געשרויפט און געקלאַפּט. דוד האָט געעגבערט און געצויגן דראָטן. בעני האָט געפּאַרבט די ווענט. און אָסקאַר האָט געפּוצט די פענצטער אַר־טיסטיש, זיך אָנגעשטרענגט, אַז עס זאָל אַרויסקומען וואָס שענער און בעסער. און פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע, האָט מען געאַרבעט אַ טאָג און צוויי און דריי, אַ וואָך און צוויי, — און עס איז גע־וואָרן אַ נחת!

די ווענט געפּאַרבט. די קיך איז אויסגעקלאַפּט מיט פּאָליצעס פאַר׳ן געשיר. אין אַ ווינקל שטייט אַ הענגער־שאַפע פאַר קליידער. אויף די פענצטער זיינען אויסגעמאָלן גרויסע בילדער פון קינדער, וואָס לערנען אין שול אידיש, אידישע ליטעראַטור און אידישע געשיכטע.

און אַלעס שטעלט זיך איין פיין און גוט. נאָר וואָס־זשע דען, וואו נעמט מען די פּאָר סענט? — אַביסל צרות, וואָס מען דאַרף צאָלן דאָס ביסל רענט, גאַז און עלעקטריק. כאָטש גוט וואָס עס איז איין מאָל אַ חודש. קען מען אָפּשטופּן אַביסל דעם 1טן, מאַכט מען פון מאָנאַט פינף וואָכן ביז מען באַצאָלט. אָבער וואָס טוט מען מיט׳ן לערער? — דאָ זיינען גאָר גרויסע צרות. אַלע וואָך דאַרף מען צאָלן שכירות! און עס איז אַ מעשה אָן אַן עק! אַביסל קומט טאַקע אַריין פון שכר־לימוד און דאָס איבעריגע דאַרף מען שאַפן! אוי, אַרבעט מען שווער ביז מ׳שאַפט די שכירות פאַר׳ן לערער: מען פירט־דורך באַנקעטן, הוליאַנקעס, שמחות, הויז־פּאַרטיס, זשור־נאַלן, טעג־טאָג, אַפּילס, ראַפלס, ראָמעדזש־סעילס, באַזאַרן און בי־לעטן, בילעטן, בילעטן!...

אפשר וועט אַמאָל די רעגירונג צאָלן אונדזערע לערער. אפשר וועט אַמאָל די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג צאָלן די לערער. אפשר וועט אַמאָל די פּראָטערנאַלע באַוועגונג צאָלן די לערער. אפשר?

— און דערוויל ? — דערווייל איז טאַקע זייער שווער, שווער פאַר די טוער און שווער פאַר'ן לערער.

אָבער עס איז אַן ערנסטע צייט אויף דער וועלט. היטלערס פאַרמעסטן זיך ווידער אומצוברענגען דאָס אידישע פאָלק און די אידישע קולטור. וועלן מיר איצט פאַרמאַכן אַ קינדער־שול ?

וועט מען זיך פאַרזאַמלען אין דער נייער דירה און פראַווען אַ באַנקעט, אַ חנוכת־הבית און ערן די טוער בעני און דוד און לואי און אָסקאַר און רבקה. און די קינדער וועלן אויפטרעטן אין אַ שפּיל און אין דעקלאַמאַציעס, אין לידער און אין מעשה'לעך. און די פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס וועלן באַגריסן און זיין שטאָלץ מיט דער קינדער־שול.

און מען וועט זינגען לידער און זיך פרייען און ווייטער זיך אונטערנעמען צו טאָן שווערע אַרבעטן, מיט'ן געדאַנק: „אַז יאָ, עס איז זייער אַן ערנסטע צייט, אָבער די קינדער־שול מוז מען בויען !" . . .

דינסטאָג, 28טן נאָוו., 1951, מ. פּ. — „טריבונע"

# לייבל, לייבל, וועסט נאָך ווערן אַ שרייבער!

די טוער און טוערינס פון די קינדער־שולן וועלן זיך באַלד ווידער אַרויסלאָזן פון הויז־צו־הויז, צו קענוועסן נייע שילער און שילערינס. פאַר זיי פאַרצייכענען מיר דאָ אַ מעשה׳לע פון דעם לעבן פון אונזערע שולן אין פילאַדעלפיע.

און זאָל דאָס, וואָס איך וויל דאָ דערציילן, זיין אַ מין גרוס צו דעם יונגן שרייבער און שפּראַכן־פאָרשער, וועמען מיר וועלן דאָ רופן לייבל, צוליב פאַרשידענע טעמים. אַ סך פון אייך האָבן אין צייט פון דער לעצטער וועלט־מלחמה און נאָך דער מלחמה געלייענט אַ צאָל פון זיינע באַשרייבונגען.

אָט האָב איך אייך שוין באַלד אויסגעזאָגט דעם גאַנצן סוד פון מיין היינטיגער מעשה, נאָר ניט איך האָב געהאַט אינזינען צו האַלטן פאַר אייך אַ סוד ביז דער ענדע, ווי שרייבער טוען שרייבן; און ווי מען זאָגט: „אין רעדן און שרייבן, מאַכט מען עס שנעל, — נאָר טוען און דערציען, נעמט יאָרן און יאָרן!״ . . .

***

געקומען זיינען מיר, אַ פּאַרטיע פון פיר לערער קיין פילאַדעלפיע: אברהם און גאָלדע, זעליג און איך. הערשל איז שוין דאָרטן געווען אַ תושב. אַ פופצן יאָר אין דעם. די טוערין דאָרטע האָט אונז אַרומגעפירט אויף איר אָטאָמאָביל איבער דער שטאָט. מיר האָבן געדאַרפט באַקוקן די שטאָט, וואָס מע האָט אונז אָנגעטרויט. מע האָט אונז איבערגעגעבן די בעסטע אידישע יינגלעך און מיידלעך, וואָס מיר האָבן געדאַרפט העלפן דערציען פאַר דער צוקונפט, זיי זאָלן אויסוואַקסן געטרייע זין און טעכטער פון די אידישע פאָלקס־מאַסן.

פיר סעזאָנען האָבן מיר געאַרבעט אין פילאַדעלפיע. עס זיי־

נען דאָרט אויך געווען פאַר מיין צייט די לערער און לערערינס פינקעל, בעלא, כייטשע, פיליפּ, גראַנט און דאַווידאָוו. מיר האָבן אָנגעפירט מיט צען עלעמענטאַרע שולן, אַ מיטלשול און אַ מין פאָלקס־אוניווערזיטעט. דער עקאָנאָמישער קריזיס אין לאַנד איז געווען גרויס. אַרבעטלאָזיקייט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. און שכירות האָבן די לערער וויייניג באַקומען, ווייל שכר־לימוד האָט מען וויייניג געצאָלט. און דאָך האָט זיך געפילט אַ באַפרײַדיגונג אין דער אַרבעט. מען איז געגאַנגען אויף פאַרוועטן: לערנען מער אידיש, אידישע געשיכטע, אַקטיוויזירן די קינדער, וואַנט־צייטונגען און קינדער־קאָנצערטן, לעקציעס, קולטור־אַרבעט, — ס׳האָט זיך, ווי מען זאָגט, ג ע ט אָ ן! . . .

און אויף דער אייך־און־פּערציגסטער גאַס און זשיראַד עוועניו איז געשטאַנען אַ דריי־שטאָקיגע געביידע, דער צענטער פון דער אידישער קינדער־שול דריי. די צימערן האָבן שטענדיג געזשומעט מיט פרייד פון קינדער און דערוואַקסענע. מען האָט דאָרטן דורכגעפירט פאַרשידענע מיטינגען, לעקציעס, באַזאַרן, קאָנצערטן און קלאַסן פאַר די קינדער פון שול דריי אין דער מיטלשול.

פיל מאָל האָט אַ טוער, אַ טוערין, אַרויסגעלאָזט אַ זיפץ: לוינט זיך די שווערע אַרבעט? — קלעפּט זיך עפּעס צו צו אונזערע קינדער? — אַז זיי ווילן דאָך קיין אידיש וואָרט ניט אַרויסרעדן! אַז מען דאַרף זיי דאָך צווינגען זיי זאָלן גיין אין שול אַריין!

און דער לערער האָט דערמוטיגט און געטרייסט: עס קלעפּט זיך צו. לייענט די וואַנט־צייטונגען, די קאָמפּאָזיציעס און די זשורנאַלן, הערט זיך צו צו די דעקלאַמאַציעס פון די קינדער, דערמאָנט זיך אין די קינדער־קאָנצערטן. עס קלעפּט זיך צו. עס בלייבט אייבער. רעזולטאַטן וועט מען ערשט זען, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן.

נו, מיר איז שוין אויסגעקומען צו פאַרצייכענען אין דער פּרעסע און ביי אַנדערע געלעגנהייטן אַ צאָל יוגנטלעכע, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון אונזערע שולן, יוגנטלעכע, וואָס זיינען געוואָרן לערער און טוער פון אונזער באַוועגונג. היינט וועלן מיר פאַרציי־

כענען דעם יוגנטלעכן שפּראַכן-פאָרשער און שרייבער ל י י ב ל.

אַט דער לייבעלע שטאַמט פון דער קינדער-שול דריי אין וועסט-פילאַדעלפיע. אָבער דעם גרעסטן חלק אין זיין דערציאונג האָבן זיינע עלטערן:

ברכה, די מאַמע, איז געווען איינע פון די אַקטיווסטע טוערינס אין שול. אומעטום איז זי געווען: ביים קענוועסן, פאַרקויפן בילעטן, שאַפן אַרטיקלען פאַרן באַזאַר, קאָכן פאַר די באַנקעטן. און ביים קלאַס פון אידיש און געשיכטע, וואָס די שול האָט איינגעפירט פאַר די עלטערן.

און אומעטום איז זי געווען פריילעך און לעבעדיק. די באַקן האָבן איר שטענדיג געפלאַמט. די שוואַרצע אויגן האָבן שטענדיג געפינקלט מיטן פייערל פון אַ באַזונדערער פרייד פון אַ קולטור-טוערין. און אַ זאַפטיקער אידישער פאָלקס-לשון האָט שטענדיג פון איר געשטראָמט, ווי פון אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל, מיט דער דערקוויקענדיש פון אַ חכמה'לע, אַ פאָלקס-וויץ. און בפרט נאָך, אַז מען האָט זיך אויסגערעכנט, אַז מען איז שטיקלעך קרובים מיטן לערער, איז גאָר געווען גוט.

און מעכל, דער טאַטע: ער איז געווען דער פאָלקס-זינגער. אַ הויכער אַזאַ, אַ פעסטער, קיין עין-הרע, אַ איד, אַ דעמב. שטענדיג פאַרטאָן אין געזאַנג-פאַראיין. פאַרליבט אין אידישן פאָלקס-ליד, אין אידישן וואָרט. אַליין געכאַפּט אַביסל אויף דער זינד פון אַ שרייב-טאָן אַמאָל אַ זאַכעלע. ער האָט שטענדיג דערלאַנגט אַ האַנט אין דער שול-אַרבעט, געהאָלפן קענוועסן און געהאָלפן אין יעדער טייל אַרבעט.

אין אַ ט - ד י טאַטע-מאַמע זיינען די עלטערן פון לייבלען:

לייבל איז דעמאָלט, צוריק מיט אַ פופצן יאָר, געווען אַ בחור'ל פון אַ יאָר צוועלף-דרייצן. לייבל האָט געהאַט פאַרפלאַמטע בעקלעך, אין דער מאַמען געראָטן, אַ זים שטימעלע, אין טאַטן געראָטן. די שוואַרצע אייגעלעך זיינען אַרומגעפלויגן אין קלאַס און עפעס געזוכט, עפעס געזוכט. אומרואיקייט געווען אין זיי. לייבל

האָט גערעדט אין קלאַס אַ בעסערן אידיש פון אנדערע קינדער.

ס'איז מיר פאַרבליבן אין זכרון, אַז לייבל פלעגט אָפט קומען אין שול אַריין מיט אַ פאַרבונדן העלזל. עפּעס האָט ער מיר זיך צו אָפט פאַרקילט. צי ס'איז געקומען פון דעם, וואָס די מאַמע האָט שטענדיג געזאָרגט פאַרן בן־יחיד און אים שטענדיג אָנגעפּעלצט, און אַז מען האָט זיך געוואָרפן מיט די שניי־קוילן און זיך דערשוויצט, האָט זיך באַלד לייבל פאַרקילט, יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג האָט ער זיך פאַרקילט, צי בכלל האָט ער געהאַט אַן איידל העלזל און די מאַמע האָט עס אַרומגעבונדן, ט אָ מ ע ר וועט ער זיך פאַרקילן. נאָר אין שול אַריין איז ער געקומען אין יעדן שטורעם.

לייבל האָט זיך גוט צוגעהערט צו אַ מעשה. און מעשות האָבן מיר דערציילט אַ סך. און בפרט נאָך, אַז די קינדער האָבן זיך דערוואוסט, אַז זייער לערער איז אַ שטיקל שרייבער, זייערע עלטערן לייענען זיינע דערציילונגען אין דער אידישער פּראָגרעסיווער צייטונג, האָבן זיי געפאָדערט מער מעשות.

נאָר דער לערער האָט אויך געפאָדערט מעשות פון די קינדער, קאָמפּאָזיציעס, דערציילונגען, בילדער, באַשרייבונגען, לידער פאַר די וואַנט־צייטונגען, פאַר די זשורנאַלן.

און לייבל האָט געשריבן אַ פיינע קאָמפּאָזיציע. אָפטמאָל האָט מען געלייענט זיין מעשה פאַרן קלאַס, פאַר עלטערן. דאָס פאָלקסטימלעכע ווערטל איז דאָרטן געווען. דאָס האָט ער גענאַשט ביי זיינע עלטערן. גוט אַזוי!

און פון שול דריי איז לייבל אַריבער אין דער מיטלשול. און נאָך און נאָך און נאָך אַ יאָר . . . אויך איך בין אַוועק קיין שיקאַגאָ לערנען מיט אַנדערע קינדער.

***

און די מלחמה איז געקומען מיט אירע שוידערן. און אונזער יוגנט איז אַוועק צו קעמפן געגן פאַשיזם. און אויך לייבל איז אַוועק אויף דער מלחמה . . .

נאָר איינמאָל עפן איך אַ צייטונג און לייען אַ באַשרייבונג פון

לייבלען. אין כינע איז ער געווען. אין אינדיע איז ער געווען. לייבל איז אַ לינגוויסט, אַ שפּראַכן־קענער און פאַרשער. און ער באַשרייבט דאָס לעבן פון די אָרעמע מאַסן אין יענע לענדער. ל י י ב ל א י ז ג ע װ א ָ ר ן א ַ ש ר י י ב ע ר !

אַ סך פון מיינע פריינט האָב איך דערציילט, אַז איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין איינער פון זיינע לערער. און איך האָב זיי אויך געזאָגט, אַז איך פלעג לייענען זיינע אַ קאָמפּאָזיציע, פלעג איך באַמערקן: „לייבל, לייבל, וועסט נאָך ווערן אַ שרייבער!“ און לייבל פלעגט זיך דעמאָלט רויטלען. ער פלעגט שמייכלען און אַ קראַץ טאָן זיך אין קעפּל: „איך פאַרשטיי, דאָס וויל דער לערער אומיסטן מיך מאַכן פילן גוט, אַז איך זאָל שרייבן נאָך אַ קאָמפּאָזיציע!“

***

איז איצט־אָ, ווען די טויער און די טועריגס פון די קינדער־שולן לאָזן זיך באַלד פון הויז־צו־הויז אַריינצוקריגן נייע שילער און שילערינס, — דערציילט זיי, די עלטערן, אַז מען קען גאָרניט וויסן, וואָס פון אַ קינד פון אונזערע שולן קען אויסוואַקסן, ער קען ווערן אַ לערער, אַ טוער, אַ שרייבער!

און ווידער וועלן זיצן די לערער אין די קלאַסן און דערציילן שיינע מעשׂות. און די קינדער וועלן שרייבן שיינע קאָמפּאָזיציעס. און דער לערער, די לערערין, וועט זאָגן צו די טוער: „עס קלעפּט זיך צו, עס לוינט זיך די שווערע אַרבעט, וואָס איר גיט אַוועק. עס וועלן אויסוואַקסן געטרייע זין און טעכטער פאַר די אידישע פאָלקס־מאַסן פון אַמעריקע!“

און מען וועט לייענען אַ מעשׂה׳לע, וואָס נאָך אַזאַ לייבעלע, ווי דער לייבל פון פילאַדעלפיע, וועט אָנשרייבן, און מען וועט זאָגן מיט אַ שמייכל: „פיין, פיין, לייבל, וועסט נאָך אַמאָל ווערן אַ שרייבער!“ . . .

(4טער סעפּט., 1948, ט. מ. פ.)

# און ס'איז טאַקע מקוים געוואָרן!

— איז טאַקע אמת, וואָס זיינע אויערן האָבן איצט געהערט? קען דאָס געמאָלט זיין? — זיין אינגסטער זון, נחום, איז געוואָרן אַ לערער אין אַ קינדער־שול?!

הערשל זיצט איצט אַרום טיש מיט פיל עלטערן און טוער. ער הערט ווי מען רעדט וועגן גרויסן אויפטו, וואָס אַמעריקאַנער־געבוירענע יוגנטלעכע הייבן אָן פאַרנעמען די שטעלעס פון לערער און טוער אין אונזערע שולן, אין אונזער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. ער הערט, אַז מען דערמאָנט אַלעמאָל זיין נאָמען, דעם נאָמען פון זיין זון נחום, — און דאָך הערט ער נישט. עפּעס קומט דאָס אינגאַנצן אויס ווי אַ חלום.

הערשל, דער גוטער פריינט הערשל, איז איצט פאַרטאָן, ער איז ערגעץ אַוועקגעטראָגן געוואָרן. עס גייען דורך פאַרביי זיינע אויגן צוואַנציק יאָר פון זיין לעבן: די אומשטענדן האָבן געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל אויך ווערן אַ קרעמער, ווי פיל אידן. ער מאַכט גאָרנישט קיין איינדרוק פון קיין קרעמער. אַזוי פיל גוטמוטיקייט ליגט אויף אים. אַזאַ פאָלקסטימלעכקייט. עס גייט אים גראָדע גוט. ער פאַרדינט גאַנץ גוט. אָבער ער האָט זיך נישט פאַרגעסן אין לעבן. „די שיין פון גאָלד האָט נישט פאַרבלענדט זיינע אויגן!" ער געדענקט גוט, אַז „נישט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש!" ער טיילט געלט מיט דער ברייטער האַנט פאַר לערן־אַנשטאַלטן. ער וויל, אַז מען זאָל זיך לערנען. יונג און אַלט זאָל זיך לערנען.

ער אַליין לערנט זיך. ער האָט ליב צו הערן אַ לעקציע. ער האָט ליב אַ בוך, אַ צייטונג, אַ טעאַטער. ער האָט די קינדער זיינע דערצויגן אין פּראָגרעסיוון אַמעריקאַניש־אידישן גייסט.

די עלטערע צוויי זין האָבן זיך געשלאָגן אין דער מלחמה געגן

פּאַשיזם. זיי האָבן פאַרשטאַנען פאַרוואָס זיי האָבן זיך געשלאָגן. זייערע בריוו אַהיים זיינען געווען געדרוקט אין דער פּראָגרע־סיווער פּרעסע.

ער דערמאָנט זיך איצט, אַז צוריק מיט צוואַנציג יאָר האָט מען אין זיין געגנט אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, דערעפנט אַן אום־פּאַרטייאישע אידישע קינדער־שול. מען האָט ביי אים געבעטן די קינדער. ער איז געקומען אין שול אַריין און זיך צוגעהערט צו די רייד פון די לערער און טוער. אים איז געפעלן געוואָרן די קינדער־שול. און ער איז אַריין אין דער שול „מיט לייב און לעבן".

אַ גאַנצע וואָך האָט ער געאַרבעט אויף צו פאַרדינען פּרנסה. אַ וויכטיגע אַרבעט, מען זאָל קענען האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ שוך און אַ קלייד און אַ ברויט, אָבער דאָך אַ וואָכעדיגע אַרבעט, אָן אַ באַזונדערן אינטערעס, אָן אַ באַזונדער ליבע.

אָבער, אַז ס'איז געקומען דער זונטאָג, וואָס דינט פאַר יעדן ווי אַן אָפּרו־טאָג, איז פאַר פּריינט הערשלען געווען דער יום־טוב־טאָג. עס האָט געמעגט רעגענען און שנייען איז ער געקומען אין שול אַריין. דאָרטן האָט ער שוין געטראָפן ראובנ'ען, דעם שניידער, און ביידע האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט איבער די הייזער. זיי האָבן געקלאַפּט אין די טירן פון אידישע עלטערן און געבעטן, אַז זיי זאָלן שיקן זייערע קינדער אין דער געגנט־קינדער־שול. און אַזוי פיל רייד האָט הערשל אַוועקגעלייגט אין יעדער אידישער הויז, אַז גאַנצע בענדער וואָלט מען געקענט אויפשרייבן. אַז מען האָט געבראַכט אַ קינד אין שול אַריין, איז דאָך געווען אַזאַ גרויסע פרייד. זיינע אויגן האָבן געפינקלט: אַ קינד איז געבוירן געוואָרן!

און יעדער יום־טוב פון דער קינדער־שול איז געווען זיין יום־טוב. ער האָט געהאָלפן צוגרייטן באַנקעטן, קאָנצערטן. ער האָט פאַרקויפט בילעטן, געבראַכט מענטשן צו די אונטערנעמונגען. ער האָט אַליין פיל בייגעשטייערט און געזען, אַז אַנדערע זאָלן העלפן דער שול. אַ קינדער־שול מוז עקזיסטירן!

און נאָכן באַנקעט איז ער געבליבן און געהאָלפן איבערוואַשן

די טעלער און לעפל. ער האָט געהאָלפן צעשטעלן די בענקלעך. ווייל מאָרגן, זונטאָג, וועלן די קינדער קומען לערנען, ל ע ר נ ע ן!

און אין גאַנצן געגנט האָט מען אים געקענט. און אידן האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס: אַ מאָדנער איד, דער הערשל, אַ שטיקל גביר, קיין עין הרע, און שלעפּט זיך אַרום מיט די קבצנים איבער די הייזער פאַרקויפן בילעטן און קענוועסן קינדער. אַ מאָד־נער איד!

און דער יום־טוב פון זיין לעבן האָט זיך נאָך מער פאַרגרע־סערט, ווען זיין מוזיניק, נחומ׳ל, איז אונטערגעוואַקסן און אָנ־געהויבן גיין אין שול אַריין. נחומ׳ל, דאָס איז אַ קאָפּיע פון טאַטן: זיין גוטמוטיקייט, זיין האַרציקייט און פאַלקסטימלעכקייט. און די לערער פון דער שול האָבן זיך גאָר מחיה געווען. אַזאַ טייער נחומל. אַלץ וואָס דער לערער פאַרגיט, טוט ער. ער לערנט זיך אַזוי גוט. און איינמאָל האָט דער לערער געזאָגט צו נחומ׳ען: „ווען דו ווילסט, נחום, אויסלערנען די גאַנצע מעשה „שמעלקע יעגער" אויף אויסנווייניג, וואָלט דאָס געווען אַ גרויסע זאַך. דיין טאַטע וואָלט גאָר געווען צופרידן!" נעמט ער, נחום, און לערנט עס אויס. אַז ער האָט אויף אַ קאָנצערטל אין שול דערציילט די מעשה אויף אויסנווייניג, זיינען אַלע געווען באַגייסטערט. און דער טאַטע הערשל האָט פון גרוים פרייד געלאָזט אַ טרער.

און דעמאָלט, שוין אַ יאָר זיבן־אַכט אין דעם, האָט דער לערער זיך אָנגערופן: „איר ווייסט, עס קען גאָר זיין, אַז נחום זאָל נאָך אַמאָל ווערן אַ לערער ביי אונז אין די שולן! . . ."

***

זיצט איצט פריינט הערשל און רייבט זיך דעם שטערן. ער איז נאָך ניט אינגאַנצן זיכער צי זיין נחום איז „געמאַכט פון דעם שטאָף", וואָס דער איינראָפּייאישער אידעאַליסטישער לערער איז געמאַכט. עס קען זיין, אַז עס זאָלן קומען שווערע צייטן אין די שולן, ווי עס זיינען אַמאָל געווען, און די לערער וועלן מוזן אַביסל צולייגן, און זיין נחום וועט ניט קענען ביישטיין. אָבער דערוויילע,

דאָס אַליין, דער נס, וואָס זיין זון, נחומ׳ל, אַ הי־געבוירענער איז איצט געוואָרן אַ לערער, ער לערנט אידיש מיט אַמעריקאַנער קינדער — איז דאָך דער חלום טאַטע מקוים געוואָרן!

און אָט האָט מען פאַרגעשטעלט זיין זון, נחומ׳ען, זאָגן אַ פּאָר ווערטער. הערשל קוקט ניט איצט אויף אים. ער האָט מורא. דאָס האַרץ קלאַפּט אים. אפשר וועט ער זיך פאַרלירן אין זיין רעדן. נאָר ער הערט: ניין, זיין נחומ׳ל פאַרלירט זיך ניט. ער רעדט מיט שטאָלץ. ער איז באַוואוסטזיניג. ער פאַרשטייט וואָס ער האָט געטאָן. און ער האָט געזאָגט ווי זיין לערער האָט געזאָגט: „און עס קען זיין, אַז אברהמ׳ל, דער זון פון אַ „וועסטערן־יוניאָן"־סטריי־קעריין און אַ טאַטן אַ סאָלדאַט, וואָס לערנט זיך איצט אין שול, זאָל אַמאָל אויך ווערן אַ לערער אין אונזערע שולן, מען קען גאָרניט וויסן! . . . "

***

ערשט איצט וועט זיך פריינט הערשל נעמען מיט נייע כוחות צו דער אַרבעט צו בויען די קינדער־שולן; ערשט איצט וועט ער ברענגען נייע קינדער אין שול אַריין; ערשט איצט וועט ער זען, אַז די קינדער־שולן זאָלן קריגן פיל פריינט. ווייל מען דאַרף זיך לערנען און לערנען.

ווייל דער חלום, וואָס ער האָט גע׳חלומ׳ט צוואַנציג יאָר צייט, איז געוואָרן אוים חלום. ס׳איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. זיין זון איז געוואָרן אַ אידישער לערער.

מיט יאָרן צוריק האָט אַ לערער געזאָגט: „אפשר וועט נאָך נחומ׳ל ווערן אַ לערער!" און ס׳איז טאַקע מקוים געוואָרן! . . .

(2טער מערץ, 1946, ט. מ. פ.)

# זאָלן לעבן די אידישע קינדער־שולן!

דער פאָרזיצער האָט דאָך מיר אויסגערופן, אַז איך זאָל עפּעס זאָגן, ווייסט איר שוין, אַז מיין נאָמען איז גאָלדע. וואָס־זשע זאָל איך אייך זאָגן? די שולן האָבן מיר ממש געעפנט די אויגן. ווער האָט עס געוואוסט פון קלובן, ווער האָט געוואוסט פון שולן? קני־שעס האָב איך געקענט מאַכן, און שוין!

איך וועל דאָך אייך איצטער ניט דערציילן מיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע: איך בין גראָדע ניט געבוירן געוואָרן אויפן אויוון. מיין טאַטע איז גראָדע געווען אַ שניידער און לערנען האָט ער מיך ניט געוואָלט. האָבן זיך שוין געפונען ביי אונז אין שטעטל סטודענטלעך, אַזוי ווי אונזער לערער, וואָס האָבן געלערנט. און איך בין געגאַנגען מיט אַלע יונגע חברה־לייט, מיט אַלע אַרבעטער און אַרבעטערינס און געשריען: „נידער מיטן צאַר!" . . .

שוין! מער האָב איך ניט געדאַרפט!

מיין טאַטע האָט גלייך צונויפגעליגן עטלעכע רובל און מיך אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע. איך בין גלייך אַריין אין אַ שאַפּ און אָנגעהויבן „שאַרן גאָלד!" ווער ווייסט וויפיל דאָלער איך וואָלט אָנגעקליבן, ווען ניט מיין יאָסל! אוי, מיין יאָסל! איר זעט? — אָט זיצט ער דאָרטן און שעמט זיך מיר צו קוקן אין די אויגן!

מאַכט ער צו מיר, יאָסל: „דו געדענקסט, גאָלדע, אַז איך בין געווען אַמאָל אַ יונגער בונדאָוועץ?" זאָג איך: „נו, אַז דו ביסט געווען אַ בונדאָוועץ, טרעפט מיך אַ גליק?!" איז ער דאָך אָבער געווען אַ געבילדעטער מענטש. ער האָט שוין געלייענט דעם „ריק־ווערטס". איי, ווען איך פאַרשטיי דעמאָלט, וואָס דער „ריקווערטס" איז, וואָלט איך אים צעריסן מיט יאָסלען אויף שטיק־שטיקלעך.

שאַ, וויפיל איז דאָ אין דעם, יאָסל? — יאָ, שוין באַלד אַ

דרייסיק יאָר. ווי די יאָרעלעך לויפן! און פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן מיין פינצטער לעבן מיטן בונדאָווען און מיטן „ריק־ווערטס". פריער האָבן זיי מיך פאַרנאַרט צו אַ באַל און צו אַ טעאַטער־שפיל. ביידע האָבן זיי מיך פאַרנאַרט, יאָסל מיטן „ריק־ווערטס" און דערנאָך האָב איך חתונה געהאַט.

אַז מיין ערשט סעמעלע איז געבוירן געוואָרן, האָט יאָסל אויפ־געהערט צו גיין אויף מיטינגען. ער פלעגט אַהיימקומען, אָפּעסן די וועטשערע און לייענען פאַר מיר „דאָס בינטל בריוו", רויכערן אַ גראָבן סיגאַר און זיך לייגן שלאָפן. און אַז סערעלע איז געבוירן געוואָרן, האָט שוין מיין יאָסל געלייענט שטילערהייט דעם „ריק־ווערטס" און איך בין שוין שטילערהייט געלעגן אין דער ערד און געאַרבעט ווי אַ פערד!

איך וועל דאָך אייך איצטער ניט גיין דערציילן מיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע. נאָר פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע, האָט מיין יאָסל, אַט־דער אַמאָליגער יונגער בונדאָוועץ, אָנגעהויבן גיין אין שול אַריין דאַווענען און מיינע צוויי קינדערלעך זיינען אַוועק אין תלמוד־תורה. די אַנדערע צוויי האָבן זיך געדרייט ביי מיין פאַרטוך און דאָס פינפטע האָט זיך שוין געוואָרפן אין מיין בויך.

און איך טו מיר אַזוי אַ קוק אָן אויפדערנאַכט, ווען מיין יאָסל איז געבליבן ליגן אַ גע'פּגר'טער אויפן שטול מיטן „ריקווערטס", דער סיגאַר מיט די אַשעס וואַלגערן זיך אויפן פלאָר, די קינדער ליגן אין די בעטן און אויפן טיש שטייען נאָך די שמוציגע טעלער, עס וואַלגערן זיך די ביינדלעך, אַביסל סופּ און אָן אנדערהאַלבן קנישעס. אויפן בענקל ליגט מיין זונס אַ היטל, אַ סאָלדאַטיש היטל. ער וואַקסט אַ סאָלדאַט, וואַקסט ער. שוין, אוים וועלטעלע!

וואָס פון דיר איז געוואָרן, גאָלדע, זאָג איך צו זיך: די פּיס, ווי קלעצער. ביי מיין יאָסלען איז אויסגעוואַקסן אַ בויך, ווי ביי אַ בורזשוי. און איין זאַך ווייס איך: באַקן קנישעס! וואָס־זשע וועל איך זיצן אַזוי? — האָב איך ווידער איבערגעוואַשן די טעלער, געמאַכט קנישעס און געטראַכט, אַז פאַרפאַלן איז מיין וועלטל:

גאָלדע, אַט אַזוי וועסטו שוין אָפּשטופּן דיין ביסל יאָרן! . . .

טרעפט זיך פּונקט אין אַ מיטוואָך בייטאָג. איך בין פאַר־טאַראַראַמט: דאָ קאָכט זיך דאָס עסן, דאָרט שרייט מיין לייבעלע, אין הויז איז אַן איבערקערעניש. קלאַפּט מען אין טיר. בין איך מסתמא זייער בייז און טראַכט, אַז איך וועל שוין, מסתמא, עמיצן געבן אַ פינצטערן סוף! איך עפן די טיר, גייען אַריין צוויי פרויען, ביידע אַזעלכע פיינע, און זיי שמייכלען. מיין איך אַוודאי, אַז זיי ווילן גאָר אַ פּאָר סענט אויף עפּעס. לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז זיי פרעגן מיך, צי איך האָב קינדער!

אַ פראַגע צי איך האָב קינדער! פינף קינדער האָב איך, זאָג איך, צוויי גרויסע, צוויי לערנען אין תלמוד־תורה, און דאָס פינפטע וואַלגערט זיך דאָרטן אין קיך! האָבן זיי זיך שוין אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן מיט מיר רעדן, פּונקט ווי צוויי שוועסטער. וואָס האָבן זיי מיר ניט אויסדערציילט? און וואָס האָבן זיי ניט גע־וואוסט? זיי האָבן געוואוסט, וואָס דער „ריקוועדטס" האָט פון מיר געמאַכט, אַז איך באַק קנישעס, און אַז מיינע קינדער האָבן מיך פיינט. זיי פאַרשטייען ניט קיין אידיש, און איך פאַרשטיי ניט קיין ענגליש און קיין העברייאיש.

וואָס וועל איך אייך איצטער דערציילן אַ סך מעשות, איר זענט דען געקומען איצטער אויסהערן מיין לעבנס־געשיכטע? די צוויי פרויען האָבן מיר איינגערעדט, און איך האָב אַוועקגעשיקט מיינע צוויי קינדער אין דער אידישער קינדער־שול! . . .

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ס'איז גאָר געוואָרן אַן אַנדער וועלט! די קינדער לויפן דאָך גאָר אין שול, און זיי שרייבן און לייענען און רעדן אידיש. איך פאַרשטיי דאָך יעדעס וואָרט, און זיי זיינען גאָר געוואָרן גאַנצע קענערס!

איך וויל אַז איר זאָלט קיינעם ניט אויסזאָגן. איך האָב זיך איינמאָל צעוויינט. די קינדער האָבן ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס איך האָב געוויינט. זיי קומען צוגיין און דערציילן מ י ר פון אַ הירש לעקערט. איר הערט? זיי, אַמעריקאַנער קינדער, דערציילן

מ י ר   פון הירש לעקערט! איז פאַר גרויס פרייד האָב איך זיך צע־וויינט. איך האָב דאָך צוריק מיינע קינדער!

פון דעמאָלט אָן האָב איך צו זיך אַזוי געזאָגט: „גאָלדע, גענוג געבאַקן קנישעס פאַר יאָסלען. מען דאַרף גיין צו אַ מיטינג!" און וואָס זאָל איך אייך דערציילן? — עס האָט זיך געעפנט פאַר מיר אַ נייע וועלט: דער לערער שטעלט זיך אַוועק און שמייכלט. און אַלץ ווייסט ער. און פון אַלץ דערציילט ער. ער דערציילט? — מען קען גאָר ניט זאָגן, אַז ער דערציילט, ער לייגט עס פּשוט אַריין אין מויל אַריין, און עס צעגייט זיך טאַקע ווי גוטע קנישעס אין מויל!

און איך בין דאָך גאָר געוואָרן אַ גאַנצע טוערין. איך גיי זאַמ־לען געלט, אַרטיקלען פאַר אַ באַזאַר, קענוועס קינדער. און איר ווייסט, איך בין דאָך שוין אַריין אין דעם פרויען־קלוב. וואָדען, מען דאַרף אָרגאַניזירן אַלע פרויען. מיר דאַרפן וויַיזן דער וועלט, אַז מיר קענען ניט נאָר קנישעס באַקן, מיר קענען אויך, פּונקט ווי די מענער, אַרבעטער, עפּעס אויפטאָן! . . .

אוי, האָב איך עס געהאַט אויסצושטיין פון מיין יאָסלען. איר זעט, ער פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים, ער שעמט זיך שוין איצט. נישקשה־ניט, זאָל ער זיך שעמען. עס וועט העלפן, אַז ער זאָל ווערן מער מענטש! אָנגעהויבן האָבן זיך די צרות טאַקע פון די קינדער. קינדער האָבן אָנגעהויבן שטעלן פראַגעס פאַרוואָס ער לייענט דעם „ריקווערטס", פאַרוואָס לייענט ער ניט קיין בעסערע צייטונג?! און איינמאָל ברענגט לייבעלע אַהיים אַ זשורנאַל און וויַיזט אונז אַ מעשה'לע. מיר לייענען איבער, זייער שיין. אַ מעשה ווי אַזוי די אַרבעטער און אָרעמע מענטשן האָבן געלעבט ביים צאַר און ווי אַזוי זיי לעבן איצט, אונטערגעשריבן   ל י י ב ע ל ע   ו ו א ס ע ר ,   אידישע קינדער־שול. האָט זיך מיין יאָסל פאַר־טראַכט. ער האָט ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן דעם קינד, האָט ער זיך אָנגעהויבן טשעפּען צו מיר. איך האָב אים אומגליקלעך געמאַכט. איך האָב אָנגעהויבן צו לויפן צו מיטינגען צופיל, איך

לאַז איבער אויף הפקר די הויז, איך האָב ניט אינזינען די קינדער. ער איז מיר געוואָרן מיטאמאָל אַ געטרייער טאַטע. ע ר זאָרגט זיך מיר גאָר פאַר דער הויז. וואו ביסטו געווען, ברודערקע יאָסל, אין די פריערדיגע יאָרן, ווען גאָלדע איז געלעגן אין דער ערד און געבאַקן קנישעס? — איר ווייסט וואָס נאָך מיין יאָסל האָט זיך דערטראַכט, אַז ניט אַנדערש, אַז איך האָב עפּעס אַ געליבטן אין אונזערע אָרגאַניזאַציעס, אַז ניט, וואָס לויף איך אַזוי צו די מיטינ-גען? איך שעם זיך עס אייך צו דערציילן, אויף מיין ערן-וואָרט, און איך בעט אייך טאַקע, אַז איר זאָלט עס קיינעם ניט דערציילן. טראַכט איך מיר, גוט! ס'אַ טייערע זאַך! פאַרוואָס ניט קיין גע-ליבטן? יאָ, זאָג איך, יאָסל, איך האָב אַ געליבטן, וואָס-זשע, סע געפעלט דיר ניט?

יאָסל, מאַך איך צו אים, דו ביסט געווען אַמאָל אַ יונגער בונ-דאָוועץ? און קיין קנישעס וועל איך דיר שוין מער ניט באַקן! שלאָג דיר עס אַרויס פון קאָפּ! און אויב דו האָסט מורא, אַז איך זאָל אַנטלויפן מיט אַ געליבטן און דיך איבערלאָזן מיט די פינף קינדער, טאָ זיי אַזוי גוט און קום מיט מיר צו די מיטינגען! איז ער טאַקע אַרומגעגאַנגען אַ פּאָר טעג, ווי אַ וואָלף. ווען ער האָט נאָר כוח, וואָלט ער מיך צעריסן אויף שטיקער. נאָר פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע, האָט ער אָנגעהויבן צו גיין מיט מיר צו די מיטינגען.

צי ער האָט זיך טאַקע דערשראָקן, אַז ער פאַרלירט זיין גאָל-דען, צי ער אַליין האָט געוואָלט ווערן אַ מענטש, ווייס איך ניט. ווייל ער גיט נאָך ניט צו אינגאַנצן. אָבער איצט-אַ איז דאָך גאָר אַן אַנדער הויז ביי מיר: ערשטנס, לייענען מיר די בעסטע אידישע צייטונג; צווייטנס, הענגען ביי מיר פאַרשידענע בילדער אויף דער וואַנט, און ב י ל ע ט ן קענט איר ביי מיר קריגן פון אַלע קאָלירן!

און אַז מיין יאָסל קומט פון דער אַרבעט, קען ער שוין ניט שלאָפן אויפן בענקל. ער שמייכלט שוין, ער שמייכלט צו די קינ-דער. מען רעדט און מען דיסקוסירט פאַרשידענע פראַגן. און איר הערט, איר האָט געמעגט זען, וואָס אין אַ פּשוט'ן דאָנערשטאָג

פאַרנאַכט האָט זיך ביי מיר געטאָן. אַלע קינדער זיינען געזעסן אַרום טיש. מען האָט געגעסן גאַנץ געשמאַק. דער אַפּעטיט איז דאָ ניש׳קשה׳דיג, עס זאָל נאָר זיין אין טעפּל! און פּלוצלונג האָט מען זיך צעזונגען. פריער האָט זיך עס אָנגעהויבן פון ברומען. לייבעלע האָט אָנגעהויבן פּייקלען מיט אַ גאָפּל אין אַ טעלער און דערנאָך אויף הויכע טענער:

פּויק טאַראַראַם, פּויק טאַראַראַם,
פּויק אין ריי.
העי, איר אידישע קינדער,
שפּאַנט און גייט, קומט און גייט! . . .

וואָס זאָל איך אייך זאָגן? צען יאָר פון מיין לעבן פאַר אַזא געזאַנג אין מיין הויז איז וויניג!

איז וואָס זאָל איך אייך דערציילן, איך וועל דאָך אייך ניט אי־בערגעבן מיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע. איר זענט דאָך ניט געקומען אויסהערן מיינע מעשות. נאָר איין זאַך וויל איך אייך זאָגן: דער פּאַרזיצער האָט דאָך מיך אויסגערופן, אַז איך זאָל ע פּ ע ס זאָגן, איז אויב מיר ווילן אָרגאַניזירן אַלע טאַטעס און מאַמעס און קינ־דער, דאַרפן מיר אַרויסלאָזן אַ רוף צו די פאַרשקלאַפטע מאַמעס:

„נידער מיט מאַכן פאַר די מענער קנישעס! זאָלן לעבן די אידישע קינדער־שולן!” . . .

(געדרוקט „מ. פ.” אין די 30־ער יאָרן —
אין ביכל „ס׳איז פריילעך אין אָרדן”)

# איך וויל ניט גיין אין חדר!...

אין שול קומט איצט פאָר די ערשטע שול־שמחה. עס זיצן ביי די טישן אַ סך קינדער און עלטערן. עס זיצן די קינדער פון צווייטן, דריטן, פערטן און פינפטן קלאַס. עס זיצן די נייע קינדער פון ערשטן קלאַס. און אויך זיצן דאָ קינדער, וואָס האָבן זיך נאָך ניט רעגיסטרירט אין שול. זיי ווילן זען, וואָס פאַר אַ מין „היברו" דאָ איז און וואָס פאַר אַ „ראַביי" לערנט דאָ.

מען האָט דערלאַנגט די אַלע גוטע קענדים און ראַזשינקעס און קיכעלעך און אייז־קרים און סאָדע־וואַסער און ניסלעך. מען האָט דורכגעפירט אַ רייע שפּילן. איינציגע קינדער האָבן דעקלאַמירט, געזונגען, געטאַנצט און צום סוף האָט דער לערער דערציילט אַזאַ מעשה:

... און ס'האָט זיך אויפגעעפנט די טיר פון דער קינדער־שול און אַ מאַמע מיט אַ אינגעלע זיינען אַריינגעקומען. די מאַמע איז אַריינגעקומען מיט אַ שמייכל, נאָר דאָס אינגעלע האָט קיין שמייכל אויף זיינע ליפּן ניט געהאַט. ער, דאָס אינגעלע, איז גאָר געווען דערשראָקן און ברוגז. זיינע אייגעלעך זיינען מיטאַמאָל געוואָרן גרעסער. זיי האָבן געקוקט אין אַלע זייטן און אַלעם באַטראַכט. ער האָט גאָר געמיינט, אַז אין דער „היברו" וועט ער זען אַ רבי'ן מיט אַ גרויסער באָרד און מיט אַ קאַנטשיק אין דער האַנט.

אָבער דאָס אינגעלע האָט גאָר דערזען אַ סך אינגעלעך און מיידעלעך זיצן אויף שטולן. דער לערער, אַ יונגער לערער, איז געשטאַנען לעבן גרויסן שוואַרצן טאָוול און געהאַלטן אינמיטן דערציילן אַ מעשה. די קינדער האָבן אויף אַ מינוט אויסגעדרייט די קעפּלעך צו זען ווער עס איז אַריינגעקומען און דערנאָך זיי, די קעפּלעך, צוריק אויסגעדרייט צום לערער און זיך איינגעהערט.

דער לערער האָט בלויז מיט אַ פינגער אָנגעוויזן דער מאַמען מיטן אינגעלע וואו זיך אַוועקצוזעצן, און דערנאָך האָט ער ווייטער דערציילט די מעשה.

און אַז ער האָט פאַרענדיגט די מעשה, איז ער צוגעקומען צו דער מאַמען מיטן אינגעלע און זיך לעבן זיי אַוועקגעזעצט. דער לערער האָט געפרעגט דעם אינגעלע זיין נאָמען, זיין אַדרעס, זיין טאַטנ׳ס נאָמען און זיין מאַמעס נאָמען. דאָס אינגעלע האָט געענטפערט און דער לערער האָט פאַרשריבן. דערנאָך פרעגט דער לערער: „נו, מאַרטין, און אידיש קענסטו עפּעס רעדן? ביסט דאָך אַ אידיש קינד?" — ענטפערט דאָס אינגעלע, אַז ער קען אַ אידיש לידל: „ק׳ווי ני גיי אין קיידער, דער רבי שלאָגט כסדר!" . . .

צעלאַכט זיך דער לערער מיט אַזאַ גרויסן געלעכטער, אַז עס פאַרדריסט אַזש דעם אינגעלע. און ער הייבט זיך אויף, דאָס אינגעלע מאַרטין, און וויל שוין אַנטלויפן פון דער שול און פון דעם לערער.

— וואַרט אַ מינוט, מאַרטין, לויף ניט. ס׳איז זייער אַ שיין לידל, דאָס לידל, — זאָגט דער לערער, — נאָר דו זינגסט עס ניט גוט. מען דאַרף זינגען אַזוי: „איך וויל ניט גיין אין כיי-דער, ווייל דער רע-בי שלאָגט קע-סיי-דער!..." זאָג „כיי-דער", מאַרטין! זאָגט דאָס אינגל מאַרטין „קיי-דער"! . . .

און עטלעכע מאָל האָבן זיי אַזוי איבערגעזאָגט: כיידער קיידער, כיידער קיידער, ביז מאַרטין האָט זיך אויסגעלערנט זאָגן כיידער (חדר). און דאָס אינגל איז געבליבן לערנען אין שול.

צום אָנהויב איז אים געווען שווער צו לערנען אידיש. ער פלעגט אַלעמאָל האָבן טענות צו דער מאַמען: „אידיש-שמידיש, וואָס דאַרף איך עס. די קינדער אין גאַס רעדן ניט קיין אידיש!" אָבער זיין טאַטע-מאַמע האָבן אים געזאָגט, אַז ער איז אַ אידיש קינד, דאַרף ער קענען אידיש. איז ער געגאַנגען אין שול, נאָר ער איז ניט געווען צופרידן. ער איז ניט געגאַנגען אין שול, ווייל ער האָט געוואָלט, נאָר ווייל ער האָט געמוזט!

פונדעסטוועגן, כאָטש ער האָט ניט אַזוי ליב געהאַט די שול, האָט ער זיך דאָך אויסגעלערנט אין אַ קורצער צייט צו לייענען און שרייבן אַ סך אידישע ווערטער. ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט אַ צאָל אידישע לידער און פּאָעמעס.

און יעדעס מאָל, ווען זיינע זיידעס און באָבעס און אָנקלס און טאַנטעס און פריינט זיינען געקומען צו זיי אין הויז אַריין, האָט ער דעקלאַמירט אידישע לידער. און אַלע זיינע אייגענע האָבן אים מער ליב באַקומען. זיי האָבן אים געקויפט אַ סך פּרעזענטן און זיי האָבן אים געלויבט אַ סך.

אָבער ער האָט נאָך אַלץ ניט פאַרשטאַנען צוליב וואָס ער, אַן אַמעריקאַנער-געבוירענער, דאַרף זיך לערנען אידיש.

דערווייל איז אַוועק אַ יאָר און צוויי, און ער האָט זיך שוין אַזוי צוגעוואוינט צו דער שול, אַז ער האָט שוין אַליין געוואָלט גיין אין שול אַריין. דער לערער האָט דערציילט מעשות פון דער אידישער געשיכטע. ער איז געוואויר געוואָרן, אַז זיין פאָלק איז שוין אַלט אַ דריי טויזנט יאָר. דאָס אידישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן גרויסע מענטשן, וואָס האָבן געלערנט אַ סך גוטע זאַכן די מענטשן פון דער גאַנצער וועלט!... אַ סך נייעסן האָט דאָס אינגל מאַרטין זיך אָנגעהערט אין שול און ס'איז אים געפעלן געוואָרן!...

און ער איז געוואַקסן. נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר אין שול. אַז ער האָט פאַרענדיגט די עלעמענטאַרע שול, איז ער שוין דערנאָך אַליין אַוועק אין דער אידישער מיטלשול. אין דער מיטלשול איז שוין געווען פריילעכער. ער האָט מיטאַמאָל געקראָגן אַ סך גוטע פריינט. ער האָט שוין געהאַט עטלעכע פאַרשידענע אידישע לערער. ער האָט געלערנט וועגן אַ סך אידישע שרייבער. ער איז געווען צופרידן. נאָר איין פראַגע האָט אים נאָך קיינער ניט פאַרענטפערט: צוליב וואָס דאַרף ער, אַן אַמעריקאַנער-געבוירן אינגל, זיך לערנען אידיש? אין דער סקול לערנט מען ענגליש. אין די מואוויס רעדט מען ענגליש. אידיש-שמידיש! ס'איז אים אַזוי שווער

צו רעדן אויף אידיש און אַזוי גרינג צו רעדן אויף ענגליש ! . . .

מיטאַמאָל איז געקומען אַ היטלער אין דייטשלאַנד, וואָס האָט פאַרפירט אַ מלחמה מיט אַ סך לענדער. און דער היטלער האָט צום אַלעם ערשטן געוואָלט אויס׳הרג׳ענען אַלע אידן פון דער וועלט ! . . .

דאָ האָט זיך שוין דאָס אינגל מאַרטין פאַרטראַכט : „פאַרוואָס האָט מען פיינט אידן ?" און וואָס אַמאָל האָט ער זיך מערער גע־לערנט און נאָך געלערנט. ביז ער איז געוואויר געוואָרן זייער אַ סך זאַכן : אַז אידן זיינען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. און אין יעדן לאַנד זיינען זיי אין אַ קליינער צאָל. און דערפאַר מוזן זיי רעדן און זיך לערנען אויף דער שפּראַך פון יעדן לאַנד און וויסן די פירונגען פון יעדן. אָבער באַנוצן אידיש מיט אַלע רעכטן קענען זיי נים. „פאַרוואָס, פאַרוואָס ?" האָט ער אַלץ געפרעגט.

און וואָס מער פראַגן ער האָט געפרעגט, אַלץ מער האָט ער זיך געדאַרפט לערנען צו געפינען די ענטפערס. און ער איז גע־וואויר געוואָרן, אַז צוויי אידישע לענדער בויען זיך אויף דער וועלט : איין לאַנד איז י ש ר א ל , וואו אַ סך אידן רעדן אויף אַלט-אידיש, העברייאיש און אידיש, און דאָס צווייטע לאַנד איז בירא־בידזשאַן, וואו אַלע אידן רעדן אויף אידיש.

און דערנאָך איז ער געוואויר געוואָרן, אַז אַ סך אידן אין אַמע־ריקע, אין פאַרשידענע שטעט, באַזונדערס אין ניו-יאָרק, וואו עס וואוינען אַ סך אידן, אין ברוקלין, אין בראָנזוויל, רעדן אויף אידיש.

איבער דער וועלט זיינען פאַראַן אַרום צוועלף-דרייצן מיליאָן אידן. עס זיינען פאַראַן זייער אַ סך אידישע שרייבער, אידישע בי־כער, אידישע צייטונגען. און אויב ער, דאָס אינגל מאַרטין, איז געבוירן געוואָרן ביי אידישע עלטערן, וועט ער שוין בלייבן אַ איד אויף זיין גאַנץ לעבן. און אויב ער וויל קענען דאָס לעבן פון די אידן איבער דער גאַנצער וועלט, מוז ער קענען די אידישע שפּראַך ! . . .

און מיטאַמאָל האָט אים פאַרכאַפּט אַ געדאַנק, אַז ער וואָלט וועלן אַרומפאָרן איבער דער גאַנצער וועלט און זען ווי אידן לעבן

אומעטום. און ער האָט זיך געלערנט פלייסיג אידיש.

און איין מאָל האָט דער אידיש-לערער פון דער מיטלשול אים טאַקע דערציילט, אַז אַ אידיש אינגל איז אַמאָל אַרומגעפאָרן פון לאַנד צו לאַנד מיט זיינע עלטערן. האָט מען אים געפרעגט: פאַלי וואו פראַנסעי, קאַפּיש איטאַליאַנאַ, דו יו ספּיק אינגליש, שטי רו־מאַנעשטי, מדבר עברית, פאַנימאַיעש פאַ רוסקי? — און ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו אים. נאָר אַזוי ווי מען האָט אים געפרעגט: „אידיש קענסטו?" איז ער גלייך געוואָרן אַ לע־בעדיגער: וואָס הייסט, וואָס דען, וואָס פאַר אַ אידיש קינד קען ניט קיין אידיש? און אין יעדן לאַנד האָט ער געפונען אידן, וואָס קענען אידיש, האָט ער זיך געפילט זייער גוט! . . .

און ס'איז אַוועק נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר און דאָס אינגל מאַרטין האָט פאַרענדיגט די מיטלשול און איז אַוועק אויף העכערע לערער-קורסן. און זיך געלערנט און געלערנט, אַ סך געלערנט. און ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ געדאַנק: אפשר וועט ער גאָר ווערן אַ אידישער לערער? פאַרוואָס ניט?

און אַז די מלחמה האָט זיך געענדיגט און היטלער און זיינע פאַשיסטן האָבן פאַרשפּילט די מלחמה, האָבן די פעלקער אין איי־ראָפּע אָנגעהויבן צוריקבויען זייער פרידלעך לעבן. און די אידן אין יענע לענדער האָבן אָנגעהויבן בויען זייער פרידלעך לעבן. האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו אַלע יוגנטלעכע פון דער וועלט, אַז מען זאָל זיך צונויפקומען און זיך דורכרעדן ווי אַזוי צו פאַרהיטן, אַז די וועלט זאָל מער ניט האָבן קיין מלחמות. און פון אַמעריקע איז געפאָרן אַ גרויסע גרופּע יוגנטלעכע און צווישן זיי איז גע־פאָרן דער יוגנטלעכער מאַרטין.

און אַז ער איז געקומען אויפן קאָנגרעס פון די יוגנטלעכע אין פּראַג, טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט ער באַגעגנט אינגלעך און מיידלעך פון דער גאַנצער וועלט. זייער אַ סך שפּראַכן האָט ער געהערט. נאָר ער האָט ניט פאַרשטאַנען. אָבער צווישן די דע־לעגאַציעס פון יעדן לאַנד זיינען געווען אידיש-רעדנדיגע, ווי מאַרטין

פון אַמעריקע, און זיי האָבן זיך אַלע צונויפגערעדט אויף אידיש. ערשט דעמאָלט האָט מאַרטין פאַרשטאַנען ווי וויכטיג עס איז צו קענען אידיש: מען קען זיך דאָך צונויפרעדן מיט אידישע קינדער איבער דער גאַנצער וועלט! . . .

פון דעמאָלט אָן האָט ער באַשלאָסן צו ווערן אַ אידישער לע־רער און לערנען אַלע אַמעריקאַנער אידישע קינדער אידיש! . . .

און יעדעס מאָל, ווען אין שול קומט פאָר אַ שמחה און צו דער פּאַרטי קומען קינדער, וואָס ווילן זיך ניט לערנען קיין אידיש, זיי ווילן ניט גיין אין שול, דערציילט ער זיי די מעשה פון זיך אַליין, וואָס האָט אויך ניט געוואָלט גיין אין שול, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז אַ רבי וועט אים שלאָגן, ווי אין לידל זאָגט זיך:
„כ׳וויל ניט גיין אין חדר, ווייל דער רבי שלאָגט כסדר״! . . .

„און איצט שטייט ער פאַר אייך, — פאַרענדיגט דער לערער די מעשה, — קינדער, אייער לערער מאַרטין״! . . .

און ווען איר וועט הערן דאָס לידל „כ׳וויל ניט גיין אין חדר״ זאָלט איר זיך דערמאָנען אין דער מעשה.

1950

# דער גרויסער משפט

— היינט, קינדער, — הויבט אָן דער לערער, וועלן מיר אינ־גאַנצן ניט לערנען. איך וועל אייך אפילו קיין מעשה ניט דער־ציילן און מיר וועלן אפילו קיין שפיל ניט דורכפירן. מיר וועלן היינט פאַרוואַנדלען דעם קלאַס אין אַ געריכט, אַ גרויס געריכט: מיר וועלן דערוויילן זעקס אינגלעך און זעקס מיידלעך, אַלס גע־שוואוירענע ריכטער. מיר וועלן אויסקלייבן אַ ריכטער, אַ פאַר־טיידיגער, אַן אָנקלאָגער, די פאַרברעכערין. מיר האָבן אַ גרויסן „טריייעל", „אַ גוטע קעיס", אַ מאָדנעם משפט!

די קינדער פון דער שול זיינען באַלד פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם לערער׳ס רייד און מ׳האָט גלייך דורכגעפירט אַלע וואַלן און מ׳איז צוגעטראָטן מיט גרויס ערנסט און אינטערעס צום משפט:

— אָט די טונקל-בלאָנדע מאַמע בתיה איז דאָס די פאַרברע־כערין, — האָט דער לערער געלייענט פון אַ פּאַפּיר, — זי איז שטענדיג לעבעדיג און לאַכט. כאָטש אין איר הויז איז אָפטמאָל אַ מאַנגל אין טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן. עס פעלט אויס געגוג שפּייז און קליידונג און צו באַצאָלן אין צייט דירה-געלט. דער העל-בלאָנדער מאַן אירער, יאַנקל, האָט פאַרלוירן זיין שטענדיגן דזשאָב, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן אַ לאַנגע צייט, אַרבעט ער בלויז אַ פּאָר טעג אַ וואָך דערווייל, און זוכט אַ גוטע שטעלע. פונ־דעסטוועגן, האָט ער אויך ליב צו שמייכלען און לאַכן שטענדיג, ווייל ער איז אַ גוטער. און אַז די טאַטע-מאַמע זיינען לאַכנדיגע, לאַכט שוין אויך זייער בחור׳ל בערל, אַ וואוילער יאַט אַזאַ, לערנט זיך גוט אין שול און האָט הנאה פון יעדער קליינעקייט.

וואָס-זשע לאַכן זיי אַזוי? וואָס איז זיי אַזוי גוט? ס׳איז זיי גוט, ווייל זיי האָבן אַלע זייערע יאָרן געהאָלפן דער אידישער קינדער־

שול זיך אויסהאַלטן. יאָרן און יאָרן דער שול געדינט מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן: גע־קאַכט און געבאַקן פאַר די באַנקעטן און שמחות פון דער שול. אַרטיקלען געזאַמלט פאַר די באַזאַרן פון דער שול. פאַרקויפט „ראַפלס" פאַר דעם פּלעט פון דער שול. קינדער געקענעוועסט, זיי געפירט פון די היימען אין שול אַריין. און בילעטן, מיליאָנען בי־לעטן פאַרקויפט און פאַרשפרייט פאַר דער שול! און קוילן גע׳גנב׳עט פאַר דער אידישער קינדער־שול!

— קוילן גע׳גנב׳עט?! — וואונדערט זיך דער נייער לערער.

— קוילן גע׳גנב׳עט! — לאַכט די מאַמע בתיה און עס לאַכט דער טאַטע יאַנקל. עס לאַכן שוין אויך די אַלע איבערגעגעבענע טוער פון דער שול: דער שניידער, דער בעקער, דער פאַרוואַלטער, די שניידערקע און אַלע אידישע בעל־מלאכות, וואָס פירן אָן מיט דער אידישער קינדער־שול.

לאַכט שוין אויך דער נייער לערער. ער קוקט אויף די טוער און האָט הנאה. ער וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף דער מעשה מיט די גע׳גנב׳עטע קוילן:

— געווען איז דאָס מיט יאָרן צוריק. די שול איז געווען אין אַ קאַלטער „סטאָרקע", אַן אָרעם קרעמל, אָט דאָ, אויף דער נייך־און־צוואַנציגסטער גאַס. ס׳איז געווען אַ גרויסער קריזיס אין לאַנד. און יענער ווינטער איז געווען זייער אַ קאַלטער, אַ בייזער ווינטער. קיין אַרבעט איז ניט געווען. שכר־לימוד האָט מען ניט געצאָלט. די אונטערנעמונגען האָבן פיל ניט אַריינגעבראַכט. אָבער קינדער, קינדער זיינען גראַדע געווען אַ סך אין שול. און דער לערער האָט געלערנט געשמאַק און שטענדיק געשמייכלט. און כאָטש ער האָט באַקומען זייער ווייניג שכירות, האָט ער געלערנט און געשיינט און זיך געטרייסט, וואָס ער האָט אַזוי פיל קינדער אין שול.

און אין שול איז נישטאָ קיין שטיקל קויל, קיין שטיקל האָלץ. אוי וויי, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען? באַלד וועלן קומען די

קינדער, באַלד וועט קומען דער לערער, און אין שול וועט זיין קאַלט, ווי אין אַ פּסאַרניע.

פירט זי אַזוי, די מאַמע בתיה, איר אינגעלע בערעלע, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ בייבי, אין איר וויגעלע.

— יאַנקל, יאַנקל, היט נאָר אָפּ אונזער בערעלען אויף אַ מינוט, איך מוז דאָ אַראָפּגיין אין קעלער אַריין, איך מוז שוין גיין! — זאָגט די מאַמע בתיה צו איר מאַן און אַנטלויפט.

און באַלד קומט זי אַרוים צוריק מיט אַ זעקעלע קוילן, גיט עס אַ לייג אַוועק ביי בערעלען צופוסנס, כאַפּט דאָס וויגל און לויפט אין איין אָטעם אין שול אַריין. זי עפנט די טיר פון דער שול, זעט זי, דער לערער שטייט אין מאַנטל, קלאַפּט אַ האַנט אין אַ האַנט.

דערזעען אַ שול־טוערין, האָט זיך דער לערער דערפרייט. און באַלד האָט דער אויוון אָנגעהויבן קנאַקן. די שטיקלעך פּאַפּיר, שטיקלעך האָלץ און די קוילן האָבן זיך צעשפּילט אין אַ פייער־דיגער שפּיל און וואַרעם איז געוואָרן.

קינדער האָבן אָנגעהויבן קומען. די קינדער און דער לערער האָבן געשמייכלט, ס׳איז וואַרעם אין שול!

— לערער, לערער, — רויטלט זיך די מאַמע בתיה, — מעג מען גנב׳ענען קוילן?

— ניין, ניין, גנב׳ענען טאָר מען ניט! — ענטפערט דער לע־רער בייז, זייער ערנסט, און אים פאַרדריסט, וואָס מען שטעלט אים אַזאַ פראַגע און קינדער זיינען נאָך דאָ דערביי.

— לערער, לערער, — קוקט די מאַמע בתיה אין אייוועלע אַריין, און איר פּנים פלאַמט פון פייער, — מעג מען גנב׳ענען קוילן, אַז אַ לערער זאָל קענען לערנען מיט אידישע קינדער?!

— צי מעג מען גנב׳ענען קוילן, אַז מען זאָל קענען לערנען אין אַ קינדער־שול? צי מעג מען גנב׳ענען קוילן צו דערהייצן אַ קינדער־שול? ס׳איז אַ פראַגע, אַ האַרבע פראַגע! — זאָגט דער לערער.

— נו, קינדער, — ווענדעט זיך דער לערער צום קלאַס, — פאַרנעמט די פּלעצער.

— און דער לערער האָט געלערנט אין אַ וואַרעמער שול! . . .

— נו, און איצטער, קינדער, דאַרפט איר אַרויסטראָגן דעם אורטייל איבער דער פאַרברעכערין, די מאַמע בתיה, פאַר גנב'ענען קוילן, — האָט דער לערער פאַרענדיגט דאָס לייענען.

אָבער קיינער פון די קינדער האָט ניט געהויבן די האַנט. זיי האָבן עפּעס אויף דער מינוט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן.

האָט זיי דער לערער טאַקע באַלד אַרויסגעהאָלפן: „איילט זיך ניט, קינדער, מיט קיין ענטפער. טראַכט נאָך, קלערט איבער גוט, נעמט זיך אַ וואָך צייט. איר קענט אָנשרייבן וועגן דעם אַ קאָמפּאָזיציע. נאָך אַלעמען, איז דאָך דאָס אַ גרויסער משפט!“

# נאָרמע איז געוואָרן אַ רעדנערין!

.1

געזאָגט האָט מען, אַז זי וועט אויסוואַקסן אַ דאָקטער, אַן אינזשיניער אָדער גאָר אַ פּראָפעסאָר. אַ קינד שפּילט פּיאַנאָ און טאַנצט ווי אַ מזיק; לערנט זיך מיט די בעסטע צייכנס; מען טראָגט איר נאָמען פון לערער צו לערער; די גאַנצע משפּחה האָט זיך מיט איר געציאַצקעט; קיין איין פּאַרטי האָט מען ניט דורכגעלאָזט, אַז נאָרמע זאָל ניט דעקלאַמירן אַ ליד, דערציילן אַ מעשה׳לע, שפּילן, טאַנצן, — איז דאָך דאָס שוין איינמאָל אַ געראָטנס!

לאָזט זיך גאָר אויס, אַז זי פאַרענדיגט פּאָבליק־סקול און שוין! ס׳טייטש, נאָרמע, צוליב וואָס אַרבעטן טאַטע־מאַמע אַזוי שווער? אַלץ צוליב איר. פאַרטאָג לויפט שוין דער טאַטע עפענען די קענדיסטאָר, טיילט אויס די צייטונגען צו די שטענדיגע קאָסטימער, — און ביז שפּעט ביינאַכט שטייט ער מיט דער מאַמען: נאָך אַ גלעזל וואַסער, נאָך אַ פּעקל סיגאַרעטס! צוליב וועמען?

און דאָס פאַרדריסט טאַקע נאָרמען, נאָר זי וועט עס ניט זאָגן. זי קען דאָס ניט זאָגן אירע עלטערן. פאַר איר זיינען אירע עלטערן ניט פאַרשטענדלעך. דער פאָטער אַליין האָט זי געפירט אין דער אידישער קינדער־שול. און דאָרטן האָט מען זי אויסגעלערנט עפּעס אַנדערש: דער אַרבעטער־מענטש איז דער בויער פון דער וועלט!...

.2

שוין דריי יאָר ווי נאָרמע איז אין קינדער־קלוב. ניט איינמאָל האָט זיך די לערערקע פון סקול געבייזערט אויפן קלאַס. זי האָט נאָכגעשפּירט נאָך די קינדער, אָבער זי האָט נאָרמע׳ן נישט גע־

כאַפּט, און זי האָט אפילו ניט געטראַכט, אַז דאָס אויסטיילן די בלעטלעך איז נאָרמע׳ס אַרבעט. נאָרמע איז קלוג און שטיל און פאַרטראַכט.

און אַט איז זי שוין דרייצן יאָר, נאָר זי וועט ניט אַרויסטרעטן מיט קיין רעדע. זי קען ניט זאָגן: „מיר, אַרבעטער-קינדער!״ איר טאַטע איז אַ געשעפטסמאַן. איז ווי וועלן אַרבעטער-קינדער קוקן אויף איר? וויל זי מער ניט לערנען. זי וועט אַוועק אין אַ צווייטער שטאָט, זיך נעמען אַרבעטן און דערמאָלט!...

נאָר זי קען דאָס קיינעם ניט דערציילן, און אירע עלטערן פאַר־שטייען ניט וואָס מיט זייער געראָטן טעכטערל איז געוואָרן. זיי האָבן זי אַמאָל פאַרנאַרט צו אַ דאָקטער. די מאַמע האָט שטיל גע־רעדט מיטן דאָקטער, אָבער דער דאָקטער האָט זיך אויסגעלאַכט. זי איז געזונט און שטאַרק. זי איז עפּעס ניט צופרידן, דאָס אַלעס. האָבן זיך די עלטערן אָנגעזעצט אויף איר קאָפּ: זי מוז דער־ציילן וואָס איר פעלט!

נאָר נאָרמע וועט ניט דערציילן. ס׳איז גאָרנישט מיט גאָר־נישט און זאָל מען איר ניט דרייען קיין קאָפּ. זי איז שוין ניט קיין בייבי! און טאָמער וועט מען זיך צופיל טשעפּען צו איר, וועט זי אינגאַנצן אַוועק פון דער הויז.

פאַר איר אַנטלויפן האָבן זיך אירע עלטערן שטאַרק דער־שראָקן. אינגאַנצן פאַרלירן זייער טאָכטער ווילן זיי נישט. די על־טערן האָבן געליטן אין דער שטיל. שכנים האָבן זיך געשושקעט. אייניגע דרינגען, אַז זי האָט צו אַ גרויסן קאָפּ אויף זיך, דרייט ער זיך. דער סוף וועט זיין, אַז זי וועט אַוועק אין אַ משוגעים-הויז...

.3

איז טאַקע צום טאָג פון נאָרמע׳ס געבורט איר בעט געבליבן ליידיג, און אַ גרויסער בריוו איז געשטאַנען אויפן טיש. אַז די מאַמע האָט דאָס דערזען, האָט זי פריער אַרויסגעלאָזט אַ גרויסן קוויטש און דערנאָך האָט זי אַוועקגע׳חלש׳ט, און ערשט שפּעטער האָבן טאַטע-מאַמע דעם בריוו געלייענט:

„אַז שוין לאַנג . . . לאַנג . . . זי קען שוין מער ניט ליידן . . . יעדן חודש וועט זי שרייבן . . . אויב . . . אויב מען וועט זי ניט זוכן ! . . . ״

די מאַמע האָט זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ, זי וויל איר קינד צוריק, זי וויל איר טאָכטער. נאָר דער טאַטע איז געשטאַנען שטיל און פאַרטראַכט. ער האָט נאָך ביי זיך גאָרניט באַשטימט. ער האָט באַלד גערופן אַלע אייגענע און פריינט אויפן טעלעפאָן און זיי אָנגעזאָגט, אַז די געפּלאַנירטע פּאַרטי פאַר נאָרמע׳ן איז אָפּגעלייגט. אייניגע האָט ער געזאָגט, אַז זי פילט ניט גוט. אַנדערע, — אַז זי איז אַוועקגעפאָרן . . . ער האָט זי אַוועקגעשיקט ! . . .

און דערווייל איז אַ טאָג און צוויי אַוועק. טעג, אַזעלכע לאַנגע, ציען זיך אָן אַן ענדע. קיין שלאָף איז ניטאָ. נאָרמע האָט מיטגענומען מיט זיך די עלטער׳נס שלאָף. און יעדן איינעם דאַרף מען ענטפערן אַן אַנדער ליגן אויף דער פראַגע: וואו איז נאָרמע, וואו איז נאָרמע?

און אינגאַנצן האָט מיט זיך נאָרמע מיטגענומען דעם הייק־גאַרניטור, עפּעס אין זעקל. און איבערגעלאָזט אירע זיידענע קליי־דער, זיידענע זאָקן און איר גאַנץ פאַרמעגן. נאָר איר טאָג־בוך האָט געפעלט. ווייזט אויס, אַז זי האָט זיך געריכט ווייטער צו פאַר־צייכענען איר לעבן.

.4

. . . אין די באַראַקן ביי די מיינער איז געווען שטיל. די טאַ־טעס זיינען אַוועק צו אַ מיטינג. פאַרנאַכט איז דאָס געווען, און בלויז מאַמעס מיט פיצלעך און קינדער זיינען געזעסן. אייניגע האָבן זיך געשפּילט. קיינער האָט ניט באַמערקט ווי פון באַרג לאָזט זיך אַראָפּ אַ הייקער.

נאָר ווען דער הייקער איז שוין געווען גאָר נאָענט צו די הילצערנע מיינער־שטיבלעך, האָבן קינדער באַמערקט. מען האָט זיך פאַרזאַמלט און געקוקט מיט נייגעריגקייט. דער הייקער איז

שוין געגאַנגען אַ מידער, ווייזט אויס, אַ לאַנגן וועג דורכגעמאַכט. און אפשר האָט ער ניט געגעסן אויך. ווער ווייסט? אַזוי ווייניק שפּייז אין די מיינערישע געגנטן!

ווען דער הייקער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געגריסט און גע־שמייכלט, האָט מען ערשט דערקענט, אַז דער הייקער איז גאָר אַ מיידל מיט ווייסע ציין, ווי פּערל. מיינערישע קינדער האָבן נישט אַזעלכע ציין. זי האָט שוואַרצע אויגן און שוואַרצע האָר, און ווען זי צעשמייכלט זיך, ווערט פריילעך!

אַלע קינדער האָבן שוין באַלד געוואוסט, אַז זי הייסט נאָרמע. נאָרמע איז געזעסן און די קינדער אַרום איר. קיין ברויט האָבן זיי ניט, די מיינער־קינדער, נאָר וואַסער האָבן זיי איר געבראַכט. איצט דערציילט נאָרמע פון ניו־יאָרק, פון די אַרבעטער און אַר־בעטער־קינדער, וואָס העלפן די מיינער אין אַ נויט. און נאָרמע מאָלט בילדער, אַז די קינדער זיצן מיט אָפענע אויגן און מיילער און וואונדערן זיך.

און אויפדערנאַכט האָבן זיך די קינדער געריסן איבער נאָר־מע'ן. יעדער איינער האָט זי געוואָלט נעמען צו זיך שלאָפן.

.5

טעג און טעג און וואָכן לויפן . . . אַמאָל, אַמאָל שרייבט זי אַהיים אַ בריוו . . . אויסגעוועזן אַזוי פיל שטעט . . . אַרבעטלאָזי־קייט . . זע נאָר? זי איז שוין זיבעצן יאָר . . . זי רעדט און רעדט . . . אירע בילדער אין די צייטונגען . . . און פון דער היים בריוו, זיי לאָזן ניט רוען . . . מען ווייסט שוין ווער זי איז! . . . זאָל זי קומען כאָטש אויף אַ טאָג . . . די מאַמע בעט, די מאַמע! מען דערציילט וועגן אירע גרויסע בייטראַגן, שיינע רעדעס! . . .

.6

און ווען נאָרמע איז אַריין אין הויז פון אירע עלטערן, איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן.

די מאַמע האָט זי געקושט און געוויינט . . . דער טאַטע האָט זי פאַרשעמט אַרומגענומען. משפחה האָט געקוקט מיט גרויס

רעספעקט אויף נאָרמע׳ן. נאָרמע האָט געשיינט. זי האָט יעדן גע־
ענטפערט קורץ און קלוג.

— אויף ווי לאַנג, נאָרמע, ביסטו געקומען? — האָט דער
פאָטער געפרעגט מיט אַ טאָן פון איינעם, וואָס שרעקט זיך.

— די באַוועגונג האָט דערלויבט אויף צוויי טעג, ווען מיר
די נעכט נישט שלאָפן, רעדן און דערציילן, וועט ווערן פון די צוויי,
דריי טעג. גוט? — האָט זי זיך צעשמייכלט.

מיטאַמאָל האָט פאַר נאָרמע׳ן אַ בליץ געטאָן דער מאַמעס
גרויער קאָפּ. האָט נאָרמע אַרומגענומען די מאַמען, ווי מען נעמט
אַרום אַ שוועסטערל:

— ניט געזאָרגט, מאַמע, דיינע גרויע האָר האָבן געהאָלפן!...

האָט די מאַמע אַרומגעכאַפּט נאָרמע׳ן נאָכאַמאָל, זי געקושט,
געגלעט און טאַקע ניט געקענט איינהאַלטן די טרערן.

— אינגאַנצן האָט מען אָפּגעלייגט נאָרמע׳ס פּאַרטי אויף פיר
יאָר!...

ביז שפּעט אין אָוונט האָט מען געזונגען לידער.

געוויינלעך האָט נאָרמע געהאַלטן אַ קורצע רעדע, אַ קלוגע:
„מיר דאַרפן די קליינע געשעפטסלייט צוציען צום אַרבעטער!...״

און אַלע האָבן געהאַלטן אין איין רעדן צווישן זיך:

— געמיינט, אַז עס וועט אויסוואַקסן אַ דאָקטער!

— אַ פּראָפעסאָר!

— אַ טענצערין!

— גאָר אַ ר ע ד נ ע ר י ן!...

— ווי קומט עס צו איר? ווי קומט עס צו איר?!...

# אַ נייע פאַמיליע אין שול

עס איז געווען אַ גרויסער פראָסט אין דרויסן. אַ ווייסער שניי איז געלעגן און געקרעכצט. און אפרים איז געגאַנגען מיט זיין ווייב שפּאַצירן. עס איז געווען שבת פאַרנאַכט. אפרים האָט זיך אַביסל אויסגעשלאָפן פון נאָכן וואַרעמעס און געוואָלט כאַפּן אַביסל פרישע לופט. אפרים האָט זייער ליב פרישע לופט. אַ גאַנצן טאָג שטייט ער אין שאַפּ און דרייט שרייפלעך אין אָטאָמאָבילן. הו־דיעט עס אַזוי שטאַרק אין די אויערן, אַז מען קען טויב ווערן. עס גייט אַזאַ האַרבער ריח פון שטאָל און קעראָסין און אויל, אַז מען קען דערשטיקט ווערן. דעריבער האָט אפרים זייער ליב פרישע לופט.

קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז עס גייען אַ טאַטע, אַ מאַמע און אַ זון. ווייל אפרים איז זיך געגאַנגען אַפריער און גע־קוקט אויף דער וועלט.ביילע, זיין פרוי, איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ באַדינערין, אונטערטעניג. דער הער גייט און זי גייט אים נאָך. און מאַקסעלע איז זיך געלאָפן און געשפרונגען, ווי אַ ציי־געלע, האָט זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט און געקוקט אין פענצטער, אויף בילדער פון מואווים. זיינע עלטערן זיינען זיך געגאַנגען זייער וועג און ער האָט זיי אַלעמאָל אָנגעיאָגט.

מיטאַמאָל שטעלט זיך מאַקסעלע אַוועק און ווייזט זיין פּאַפּען: „זע, פּאַ, דער באַרימטער רייטער פאָרט אויף זיין פערדל. אוי, אַזאַ שיין בילד, לאָמיר אַריינגיין זען!" האָט זיך אפרים צעבייזערט און גאָרנישט געענטפערט. ער וויל שפּאַצירן. האָט שוין די מאַמע זיך צעשריגן אויף מאַקסעלע'ן: „דער טאַטע כאַפּט אַביסל לופט און דו ווילסט גאָר מואווים!" איז שוין מאַקסעלע געגאַנגען אַ שטי־לער און ברוגז'ער לעבן דער מאַמען. אוןביידע זיינען געגאַנגען

זייער שטיל. זיי האָבן מורא געהאַט פאַרן בייזן טאַטן.

מיטאַמאָל האָט זיך דער טאַטע צעשמייכלט און זיך אָפּגע־שטעלט און אויסגעשריגן: „משה, וואָס־זשע מאַכסטו? שוין אַזאַ לאַנגע צייט ניט געזען!".

משה איז געלאָפן זייער שנעל, געווען פאַרטאָן אין געדאַנקען און עס איז אים טאַקע זייער קאַלט געווען אויך. דערהערט זיין נאָמען, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן: „אוי, אפרים, וואָס הערט זיך עפּעס? דאָס איז דיין בחור'ל? ער לערנט גאָרנישט אין שול?" און שוין! מער האָט אים שוין משה ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט אים אַריינגעשלעפּט אין דער אידישער קינדער־שול. איז שויןביילע אויך אַריינגעגאַנגען, און מאַקסעלע האָט זיך נאָכגע־שלעפּט. פריער האָט זיך אפרים עפּעס ניט געפילט גוט. ער קען קיינעם ניט אין דער שול. אָבער ער האָט באַלד באַמערקט, אַז אַלע זיינען דאָ אַזוי היימיש, עס טומלט זיך, מען לאַכט און מען שפּילט אין דאָמינאָ און אין טשעקערס, האָט ער זיך אָוועקגעזעצט לעבן אַ טישל מיט משה'ן.

ביילע האָט זיך באַקענט מיט פרויען און מאַקסעלע איז אַריין אין צווייטן צימער, זיך באַקענט מיט קינדער פון דער אידישער קינדער־שול און זיך מיט זיי געשפּילט.

מיטאַמאָל האָט איינער אָנגעהויבן שרייען: „פריינט, ברידער און שוועסטער, גייט אַריין, דער באַנקעט הויבט זיך אָן!"

האָט שוין משה אַריינגעשלעפּט אפרים'ען צום באַנקעט. און ווי אפרים האָט זיך דאָס געוואונדערט! ביילע איז געווען פּשוט אויפן זיבעטן הימל: „זע נאָר, אַ פרוי פירט אָן מיטן באַנקעט?!" און די גאַנצע צייט זיינען זיי געזעסן מיט אָפענע מיילער און זיך איינגעהערט צו די נייע ווערטער, וואָס פאַרשיידענע מענטשן האָבן אַרויסגערעדט. עפּעס זיינען זיי מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן צווישן אַנ־דערע מענטשן. עס איז דאָך דאָ עפּעס אַזוי פריילעך, עפּעס פאַר־שטייען דאָך די מענטשן אַזעלכע זאַכן. אוי, ווען ער קען אַזוי

רעדן, ווען זייןביילע קען אזוי פארשטיין ווי די פינף־און־דרייסיק מאמעס, וואס האבן געעפנט א קינדער־שול ! . . .

און אינגאנצן איז פון יענעם אוונט אוועק פיר וואכן. זיצט זיך אזוי אפרים ביים מיטינג פון די עלטערן, ביילע זיצט לעבן אים און מאקסעלע זיצט אויכעט. ער האט נאר געוואלט גיין צום מי־טינג. ער האט געהערט, אז זיין לערער וועט רעדן פון זיין שול. מאקסעלע האט זייער ליב זיין לערער, ער דערציילט אזעלכע שיינע מעשה׳לעך, אוי, האט ער אים ליב !

שטייט זיך אזוי דער לערער און דערציילט מעשה׳לעך די על־טערן פון מאקסעלעך, פון דזשייקעלעך און פון אנדערע קינדער, וואס לערנען זיך אין דער אידישער קינדער־שול. הערן זיך אלע צו. גלאנצן די אויגן ביי ביילען און ביי מאקסעלען. עס איז דאך טאקע אמת, וואס דער לערער דערציילט !

דער לערער ענדיגט זיינע ווערטער. קלאפן אלע מיט די הענט. מען איז צופרידן און מען שמייכלט. שטעלט מען פראגן און דער לערער ענטפערט. נאר מיטאמאל שטעלט זיך אויף אפרים און פרעגט : „מעג איך עפעס זאגן ?" צעשמייכלט זיך דער פארזיצער : „מיט פארגעניגן, ברודער אפרים. מיר ווילן אז יעדער איינער זאל זאגן און רעדן ביים מיטינג !" פארוויטלט זיך אביסל אפרים און רעדט זייער שטיל : „איך וויל זאגן, אז איך האב ערשט אנגעהויבן צו לעבן. איך בין גאר געווארן אן אנדער מענטש. מיין פרוי איז געווארן א גאנצע פארשטייערקע, און מיין מאקסעלע איז דאך עפעס א גאנצער ווייסער. ס׳איז מיר געווארן ליכטיגער אין הויז. איך ווייס שוין א סך זאכן און מיר וועלן זיך נאך אויסלערנען. אבער מיר דארפן העלפן אונזערע שולן. יעדער איינער פון אונז דארף אריינברענגען א מיטגליד אין שול־פאראיין, א קינד אין שול און פארגרעסערן אונזער שול !"

אז ער האט פארענדיגט, האט מען געקלאפט מיט די הענט. האט אפרים ניט פארשטאנען, וואס מען פליעסקעט אזוי. וואס האט ער דען געזאגט ?

„איר טראָגט אריין אַזאַ פֿאָרשלאָג, ברודער אפרים?" — פרעגט דער פֿאָרזיצער.

„אוודאי אַ פֿאָרשלאָג, און איך אונטערשטיץ, — רופֿט זיך אָן שוועסטער ביילע, — און טאַקע מער זיך זאָרגן פֿאַר די שולן, ניט איבערלאָזן אינגאַנצן די אַרבעט אויף די מוטערס!"

איז שוין גאָר לעבעדיג געוואָרן ביים מיטינג. און צום סוף האָט דער לערער נאָכאַמאָל גענומען דאָס וואָרט און פשוט גע־זאָגט: „איר זעט וואָס אונזערע שולן זיינען? מיר אָרגאַניזירן די קינדער, די טאַטעס און די מאַמעס פֿאַרן וואוילזיין פֿון פֿאָלק. און אַלע צוזאַמען וועלן מיר זיך אַזוי לאַנג לערנען, ביז מיר וועלן איינ־פֿירן אַ בעסער לעבן, וואו אַלע וועלן לעבן שיין און האָבן פֿאַר־גענוגן. זעט, וואָס פֿאַר אַ יום־טוב ס'איז ביי אונז געוואָרן ווען בלויז איין נייע פֿאַמיליע איז אריין צו אונז אין דער שול!" . . .

# דאַרף איך דערציִען אייער קינד?

ברודער פאָרזיצער: איך וויל ניט קיין וואָרט, איך וויל שוין מער ניט רעדן. און אַז איך רעד, וואָס־זשע קומט דען דערפון אַרויס? גאָרנישט מיט גאָרנישט. איך וויל בלויז שטעלן אַ פראַגע. וואָס? יאָ, קורץ, איך וועל דאָס מאַכן זייער קורץ. בלויז איין זאַץ. אָט הערט טאַקע, אָט איז מיין פראַגע: דאַרף איך דערציִען אייערע קינדער?

אדרבה, ענטפערט מיר טאַקע. איר ווייסט דאָך, איך בין דאָך שוין אַן אַלטער הינער־פרעסער. איך האָב דורכגעמאַכט מיט אונ־זערע שולן אי קאַלטס, אי היים, אי וואַרעמס. היינט איז דאָך אַן אַנדער געשיכטע. מיט קיין „טיקעטס" טאָר מען אייך ניט „באַ־דערן". פונדעסטוועגן, זאָלט איר ניט פאַרגעסן צו קומען צום באַנ־קעט שבת אָוונט, פאַרצייכנט זיך טאַקע, מיר וועלן האָבן אַ שיינע פּראָגראַם אויך. און קיין „ראַפל־בילעטן" טאָר מען דאָך אפילו ניט דערמאָנען ביים מיטינג, אמת? פונדעסטוועגן, נעמט אַ בילעטל שטילערהייט, אפשר וועט איר טאַקע געווינען דעם גאָלדענעם זייגער!

אָבער וועגן קולטור איז דאָך היינט אַ מצוה צו רעדן, אמת? מען האָט זיך דאָך אַזוי צעקולטורעוועט ביי אונז, אַז עס קערט זיך אַ וועלט! וועט די שול אָפּשטיין? לאָדן מיר אייך טאַקע איין אין טעאַטער אַריין. אונזער „בענעפיט" איז פונקט דעם זונטאָג, און יעדער איינער פון אייך דאַרף זיך באַלד פאַרזאָרגן מיט אַ בילעט. סיידן איר ווילט ניט טאָן קיין קולטור־אַרבעט, ווילן מיר עס טאַקע וויסן!

איך זאָג אייך, אַז נייע צייטן זיינען געקומען. ווען מען זאָגט עס מיר מיט עטלעכע יאָרן צוריק, וואָלט איך זיכער ניט געגלויבט:

מיר האָבן אַ לאָקאַל פאַר דער שול, אַז ס'אַ מחיה, ווילט איר ביי אונז ניט מיטינגען! (אַ יאָ אַזוי, פריינט לערער, וועט זיין אויף אידיש דאָס וואָרט „מיטן"? מען דאַרף זיך דאָך היטן היינט די ביינער. מען דאַרף רעדן אַ ר י י נ ע ם אידיש!). נו, איר ווילט ניט מיטינגען ביי אונז, מיטינגט ניט! אָבער רענט, דירה-געלט, דאַרף מען דאָך סיי-ווי צאָלן. איז וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ שעפּטום-קלוב זאָל דער שול ניט אַרויסהעלפן מיט אַזאַ קליי-ניקייט? איך האָף, אַז קיין דיסקוסיע וועגן דעם וועט ניט זיין. דער סעקרעטאַר וועט זיין אַזוי גוט און אויסשרייבן אַ „טשעקל"!

האַ, פריינט פּאַרזיצער, צום פּונקט? וואָס-זשע, איך האַלט דען עפּעס אַ רעדע? איך האָב דען געגומען אַ וואָרט? איך האָב דאָך בלויז געשטעלט אַ פראַגע: דאַרף איך דערציען אייערע קינ-דער? אדרבה, ענטפערט מיר! זאָל מיר דער ליטעראַטור-אַגענט טויזנט מאָל מוחל זיין, אַ טייערער בחור, אַ לעבן אויף אים, נאָר הערט זיך אומיסטן צו צו זיין באַריכט: מיר האָבן אַלע סאָרטן און מינים ביכער און ביכלעך, נאָר אַז עס קומט צו דעם שול-זשורנאַל, צו אַ שול-ביכל, קריגט ער, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ קורצן זכרון, און קאָן זיך בשום אופן ניט דערמאָנען זייערע נעמען. דאַרף איך בלויז לייענען די שול-ליטעראַטור, איך, דער אַלטער שול-טוער, און איר, מיטגלידער, עלטערן און פריינט — דאַרפט שוין ניט קיין פאָלקס-דערציאונג?

איך האָב דאָך אייך געזאָגט פון אָנהויב, אַז קיין וואָרט וויל איך ניט נעמען, איך וויל ניט רעדן, ווייל וואָס קומט דען אַרויס פון מיינע רייד? גאָרנישט מיט גאָרניט. איך וואָלט נאָר געוואָלט פאַרשטיין אייער פּאָליטיקע. דאַכט זיך, גאַנצע דיפּלאָמאַטן זענט איר דאָך. פון ניו-יאָרק אַזש וואָלט איר דערלאַנגט איבער דער גאַנצער וועלט. נאָר אַז עס קומט צו אייערע קינדער, צו אייערע שולן, ווערט איר אוים דיפּלאָמאַטן.

וועט איר מיר דאָך דערציילן: קאָמפּאַניעס, האַ? ווי גע-טראָפן: פּרעסע, פּאַשיזם, וואַלן און וואָס ניט! איר מ י ר דער-

ציילט עס ניט. מיר זיינען פונקט אַזעלכע מחותנים ווי איר. מיר האָבן גאַנץ פיינע קוואַטעס און מיר לייגן איין מיטן קאָפּ, פונקט ווי איר, און מיר פירן דורך.

אָבער ווער דאַרף עס דערציען אייערע קינדער? איך? וואו שטייט עס געשריבן? אין דער קאָנסטיטוציע? ניין, עס וועט ניט גיין!

איך קאָן דאָך שוין היינט ניט גיין קענוועסן אויך. וואָס פאַר אַ פּנים האָב איך, אַז מען זאָגט מיר: וואו זיינען די קינדער פון אייער קלוב? פאַרענטפער איך: איר ווייסט דאָך, ניט אַלע האָבן קינדער, און אַז איינציגע האָבן שוין קינדער, זיינען זיי אָדער צו גרויס, אָדער צו קליין פאַר דער שול. מיר האָבן אַ סך נייע מיטגלידער, זיי ווייסן נאָך ניט גענוי, וואָס אונזערע שולן זיינען. אָבער מיינע פריינט, עס העלפט ניט! מיר זיינען דאָך עפּעס היימישע מענטשן, האַ? ס'איז געבעבעט, ניט גערעדט! איז דערפאַר בין איך געקומען אייך שטעלן איין פראַגע און ניט מער. איך וויל ניט נעמען קיין וואָרט און וויל ניט רעדן. הלמאי זאָל איך צונעמען אייער וויכטיגע צייט. איך וויל בלויז וויסן, צי דאַרף איך דערציען אייערע קינדער, און איר, — גאָרניט! ווער וועט עס קענען אַריינקריגן נייע הונדערט קינדער אין אונזער שול? וואו וועל איך אייך נעמען הונדערט קינדער, איך, איין שול-טוער? און אַז מיר האָבן אַ פּאָר אַרויסהעלפערינס אין שול, אַ פּאָר פרויען, וועלן מיר, אַזאַ גרופּקעלע, קענען באַווייזן צו קריגן הונדערט קינ-דער און אין אַזאַ קורצער צייט?!

ניין, מיינע טייערע פריינט, עס וועט ניט גיין! איר מוזט אונז אַרויסהעלפן! יעדער מיטגליד זאָל כאָטש צושטעלן איין קינד, און דאָס אויף שנעל אויך, ווייל מיר דאַרפן פאַרפילן די קוואָטע!

און פאַרוואָס זאָלט איר ניט וועלן קענוועסן? עס איז דאָך אַ גרויס געווינס! איר קומט אַריין אין אַ הויז, איר באַקענט זיך מיט אַ טאַטן, איר ווערט נאָענט מיט אַ מאַמען, נעמט זיי, נעמט זיי

אריין אין קלוב, אין שול־פאַראיין, ווער לאָזט אייך ניט?

וואָס, פאַרזיצער, איך רעד שוין צו לאַנג? איך האָב דען גע־בעטן א וואָרט? ווער וויל א וואָרט, ווער? וואָס בין איך אַן אָראַטאָר? איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב פיינט צו רעדן: איך האָב נאָר געוואָלט שטעלן א פראַגע, און אדרבה, ענטפערט מיר טאַקע: ד א ר ף א י ך ד ע ר צ י ע ן א י י ע ר ע ק י נ ־ ד ע ר ? ! . . .

# עס לוינט זיך די אַרבעט אַרום די שולן!

.1

אַ קײלעכדיק מײדעלע, אַ שוואַרצינקס, מיט לאַנגע לאָקעלעך, מיט גלאַנציקע אײגעלעך איז דבורה׳לע. זי קומט שטענדיק די ערשטע אין שול אַרײַן. די ביכער, די העפטן און בלײַפעדערס זײַנען שטענדיק אין רענצעלע. אַרײַנגעקומען, פאַרנומען איר פּלאַץ, אָנגעגרײט די ביכער, איבערגעקוקט איר הײם־אַרבעט, דערלאַנגט זי עס צום לערער.

שמײכלט דער לערער צו דבורה׳לען. ער האָט הנאה. װי שײן זי שרײַבט! ס׳איז דאָך אַזױ גוט דעם לערער, װאָס האָט אַזאַ שילערין. און איר מאַמע און איר טאַטע האָבן אַזױ ליב די שײנע מעשה׳לעך, װאָס זי שרײַבט.

דבורה׳לע רעדט אַזױ שײן אידיש, הײמיש, גלײַך װי זי איז ערשט אַראָפּגעקומען פון דער שיף, פון אײראָפּע. דבורה׳לע האָט ליב אױסצולערנען אידישע לידער און פּאָעמעס און זײ דעקלאַמירן פאַר די עלטערן און מיטגלידער פון דער שול.

דבורה׳לע קומט פרי אין שול אַרײַן, װײַל זי האָט ליב צו העלפן דעם לערער מאַכן שײן די שול, צוקערן, אָפּװישן דאָס ברעט, צוגרײטן קרײַד, עפּעס טאָן פאַרן לערער און פאַר דער שול.

אַז דער לערער האָט גערעדט צו די קינדער װעגן דעם, אַז מען דאַרף זיך בעסער לערנען, צוגרײטן די אַרבעט, ליב האָבן די שול, האָט ער שטענדיק געװיזן אַ בײַשפּיל אױף דבורה׳לען.

.2

די שול האָט זיך געפונען אין אַ געגנט, װאו עס װאױנען װײניק אידן. און דערפאַר האָט די שול אַ קלײנע צאָל קינדער. די אַרבעט איז געפאַלן שװער אױף די שול־טוער און אױפן לערער. ס׳האָט אַלעמאָל אױסגעפעלט געלט אױף דירה־געלט, אױף שכירות.

נאָר, אַז די שול־טוער און דער לערער האָבן דערזען דבורה׳לען, האָבן זיי געשעפּט נחת, זיך געפרייט און פאַרגעסן אַלע שוועריקייטן. זיי האָבן מיט עקשנות געטראָגן דעם יאָך פון דער קינדערשול, ווייל זיי האָבן געזען, אַז עס לוינט זיך די שווערע אַרבעט, ווען עס וואַקסן אויס אַזעלכע קינדער, ווי דבורה׳לע און אַנדערע.

.3

יאָרן זיינען געלאָפן און דבורה׳לע האָט פאַרענדיגט די שול, די מיטלשול. דער לערער איז אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט לערנען מיט אַנדערע קינדער און צייטוויייליג פאַרגעסן אַן יענער דבורה׳לען מיט די שוואַרצע צעפּעלעך.

ס׳איז אַן ערשטער יולי, מיט יאָרן שפּעטער, עס פאַרזאַמלען זיך אין דער קאָאָפּעראַטיווער שול אין ניו־יאָרק די קינדער, מען פאָרט אין קעמפּ „קינדערלאַנד״ אויפן זומער. די קאָנסלער שטייען גרייט אויפצונעמען זייערע קינדער. קומט צו אַ דערוואַקסן מיידל מיט אַן ערנסטן אינטעליגענטן פּנים, קוקט און קוקט אויפן לערער:

— אַ באַקאַנטער פּנים!... זייט איר ניט געווען אַמאָל דער לערער פון יענער שול?

— געווען!... אַ, דאָס איז דאָך דבורה׳לע!...

דבורה׳לע פאָרט אין קעמפּ אַריין דערציען קינדער. זי איז די געזאַנג־לערערין אין די שולן. זי טוט גוטע אַרבעט. און זי דערציילט אַ סך אַנגענעמע זאַכן. זי העלפט אפילו דעם טאַטן, וועלכער איז דער סעקרעטאַר פון אַ געגנט־קלוב...

אין קעמפּ האָט דבורה׳לע געפירט אַזוי רואיג די אַרבעט, מיט אַזוי פיל געדולד געלערנט די קינדער. די שול, די לערער, וואָס האָבן אַזוי פיל יאָרן זי געלערנט, האָבן צוגעגרייט אַ לערערין, אַ דערציערין, אַ פירערין.

דער לערער איז אַ צופרידענער אַרומגעגאַנגען איבערן קעמפּ און יעדן דערציילט, זיך באַרימט:

— דבורה׳לע, דבורה׳לע, איז מיינע אַ שילערין! איר זעט, עס לוינט זיך, עס לוינט זיך די אַרבעט אַרום די שולן!...

## „די שול האָט איר געעפנט די אויגן!...״

היינט איז איר פריילעך. זי האָט אַרויפגעצויגן אַ קאָלירט סטענגעלע אַרום איר בלאָנדן קאָפּ-האָר. און אירע אַכט-און-דרייסיג יאָר שטורעמען אַרויס פון איר נאָך-גאַנץ-יונגן קערפּער. די בלויע אויגן לויפן אַרום צופרידענע אין שול, ביי די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג. און דאָס, וואָס עס פעלט איר אין פאַדערשטער צאָן, גיט איר גראָד צו פיל חן.

היינט קען מען זי אין געגנט. זי טראָגט אַרום פון הויז-צו-הויז דאָס וואָרט פון דער קינדער-שול. זי רעדט אויף מיטינגען. זי טרעט אויף ביי אָרגאַניזאַציעס. זי שרייבט אַריין אַ בריוו אין דער פּרעסע. זי לייענט און פאַרשטייט די ראַנגלענישן פון אַרבעטער-פאָלק; זי פאַרטיידיגט זיך און די ברידער און שוועסטער פון די אידישע פאָלקס-מאַסן קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן פאַשיזם.

היינט איז ליכטיג איר לעבן!

דערציילט זי אין פריידן אירע שכנים און פריינט:

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דאָס געווען. דער מאַן אירער האָט גראָדע ניט געאַרבעט. אין הויז איז געווען קאַלט. קיין שפּייז אין שאַפּקעלע איז ניט געווען. די קינדער זיינען אַוועק הונגעריגע אין סקול אַריין.

ראַמט זי איינמאָל די פּאָר צימערלעך און טראַכט: קיין עסן איז ניטאָ געצוג, זאָל כאָטש דאָס הויז זיין ריין, אפשר וועט עס באַפרידיגן.

קומען דעמאָלט אַריין צוויי פרויען און דערציילן איר, אַז אין דריטן הויז פון איר בלאָק האָט זיך דערעפנט אַ קינדער-שול. מען בעט די קינדער אירע אין שול אַריין. מען לאַדט זי איין מיט איר מאַן אין דער שול-פאַרוואַלטונג.

האָט זי פריער געבראַכט דאָס קליינע צווילינגל זיך לערנען אידיש אין דער אידישער קינדער־שול. אַזאַ שול געפעלט איר טאַקע. אָט זיצט זי מיט די קינדערלעך אין קלאַס און הערט זיך צו: דער לערער לערנט טאַקע פון אָרעמען לעבן, פון אַרבעטער־לעבן און אויף אידיש. אידיש פאַרשטייט זי דאָך טאַקע. און דאָס לעבן אירס איז אָרעם. און איר מאַן אַרבעט ניט.

דערציילט זי דעם לערער, דער לערער איז אַזאַ גוטער, גיט זי אים איבער אַ סוד: זי האָט נאָך צוויי מיידלעך. איינע איז שוין גאָר אַ גרויסע. זי זוכט שוין אַרבעט. נאָר די צווייטע איז ערשט צוועלף. גאָר אַ קלוגע. צי קען מען זי ברענגען אין שול אַריין?

— אוודאי קאָן מען זי ברענגען, מיט פאַרגעניגן. און אויב זי אַליין, די מאַמע, וויל, דאַרף זי זיך גאָר ניט שעמען און קומען אין קלאַס אַריין פאַר מאַמעס און זיך אויך לערנען, — זאָגט דער לערער מיט אַ שמייכל.

האָט זיך אין איר דערוועקט די פרייד פון אירע קינדער־יאָרן, ווען זי איז אַנגעקומען אין דער אידישער פאָלקס־שול. אָבער לאַנג האָט זי דאָרטן ניט געקענט לערנען. זי האָט געדאַרפט גיין אַרבעטן פון קליינוויז אָן, און איר גאַנץ לעבן האָט זי געאַרבעט. פיר קינדער געהאַט און אויפגעהאָדעוועט.

אַ יאָר צייט איז זי געזעסן מיט מאַמעס אין אַ בייטאָגיגן קלאַס און זיך געלערנט. זייער אַ סך האָט זי זיך אויך דערמאָנט. זייער אַ סך האָט זי געלערנט פון לעבן. האָט זי זיך אויפגעהערט פאַוואַלינקע צו שעמען און געבעטן אַ וואָרט און גענומען רעדן. דאָס לעבן רעדט פון איר אַרויס.

עס פאַרשטייט זי דער שול־לערער. עס פאַרשטייען זי די שול־טוער. מען מאַכט איר באַקוועם אין קלאַס, ביי דער פאַרוואַלטונג, ביי אַן אונטערנעמונג. זי גייט מיט, זי העלפט מיט. עס איז דאָך איר אַזוי גוט. קיין געלט האָט זי ניט. איר מאַן אַרבעט ניט, קען זי באַצאָלן מיט אַרבעט: פאַרשפּרייטן בילעטן, זאַמלען אַרטיקלען

פאַר אַ באַזאַר, באַזוכן שכנים און דערציילן וועגן דער גוטער קינ־דער־שול, וועגן דער וואַרעמער היים פאַר קינדער און עלטערן, וואָס מיר האָבן אין געגנט.

און זי פילט, ווי זי וואַקסט און וואַקסט. און עס וואַקסט מיט איר צוזאַמען אַזאַ פרייד, אַזאַ גרויסע ליבע, אַזאַ גרויסער פאַר־שטאַנד. ס׳איז איר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס זי איז געזעסן טעג און אָוונטן אין הויז און שטיל געוויינט. זי האָט דעמאָלט ניט פאַרשטאַנען. זי האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס קומט פאָר אין איר לאַנד, אויף דער וועלט.

אין הויז איז פריילעכער געוואָרן. עסן איז נאָך אַלץ ניטאָ גענוג. דערפאַר איז דאָ אַ שול־לידל. דערפאַר איז דאָ אַ שול־מעשה׳לע. דערפאַר איז דאָ אַ שול־שפּיל. קינדער מיט טאַטע־מאַמען זיינען געוואָרן צוריק איין פאַמיליע. אַ גרויסע האָפנונג איז אַריין אין הויז אַריין, געקומען פון דער קינדער־שול, זיך באַ־זעצט אין אַלע ווינקעלעך פון דער אָרעמער, נאָר ציכטיגער שטוב, און גלעט און טרייסט און וואַרעמט און גרייט צו אַ שיינע צוקונפט פאַר דער אָרעמער אַרבעטער־פאַמיליע.

שאַ, אָט שטייט זי אין שול־לאָקאַל. אַ גרויסער עולם איז געקומען הערן אַ באַריכט. זי איז געווען ביי דער שול־קאָנפערענץ. זי דערציילט מיט אַזאַ גרויסער פרייד:

— פון גאַנצן לאַנד איז מען זיך צונויפגעקומען. אַזוי פיל פרייד ביי אונז אין די קינדער־שולן. טויזנטער קינדער פון טויזנטער טאַטעס און מאַמעס קומען צו. אונזער וואָרט דערהערט די אָרעמע אידישע אַרבעטער־גאַס.

מען הערט און מען שטוינט. מען הערט און מען וואונדערט זיך.

אָט, דאַכט זיך, ערשט־אָ, איז זי אַריינגעקומען אַזאַ שטילע אין שול אַריין. אַ צווילינגל געבראַכט, אַ טעכטערל געבראַכט און ז י ך געבראַכט אין שול אַריין, זיך לערנען, דאָס לעבן פאַרשטיין, און היינט? —

אזא טוערין געוואָרן, אזא רעדנערין גאָר! ווער קען וויסן וואו עס ליגט דער כוח פון פאָלק!

***

דערציילט זי אירע שכנים און פריינט:

אַז היינט איז איר פריילעך. היינט שיינט העלער פאַר איר די זון. די וועלט איז געוואָרן אַזוי גרוים. כאָטש קיין ברויט איז נאָך אַלץ נישטאָ גענוג, איז זי אָבער רייך, אַ מיליאָנערשע געוואָרן, פאַרמאָגט אַ וועלט מיט קינדער און טאַטעס און מאַמעס.

„עס האָט דער שול-לערער מיך געלערנט!
עס האָבן מיך די שול-טוער געוואַרעמט!
עס האָט די קינדער־שול מיר געוויזן אַ וועג, —
איז מיר ליכטיג געוואָרן אין די אויגן!"...

(„פּראָלעטאַרישע דערציאונג", מערץ, 1938, נומער 9 ס. ב. 1950)

# אַ טראַדיציע פון אַ שול־טוער

שיקאַגאָ. אין האַרץ פון דער רוישיגער רוזוועלט־גאַס. אויפן ראָג פון אַען עוועניו, אויפן צווייטן שטאָק, זעט זיך אַ גרויס וואַנט־פענצטער. אויפן פענצטער גרויסע אידישע אותיות: „אידישע קינדער־שול".

מאָנטאָג. ס'איז אַרום עלף אַזייגער. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט די זעקס לערער פון די קינדער־שולן. יעדן מאָנטאָג קומען זיי אַהער, גיבן אָפּ באַריכטן פון אַ וואָך אָפּגעטאָנענער אַרבעט און נעמען אויף די אויפגאַבן פאַר דער קומענדיגער וואָך. די לערער זיינען אויפגעלייגט, פריש, ווייל די וואָך הויבט זיך ערשט אָן.

צום פענצטער־צו, צו דער גאַס, שטעלט מען אַוועק אַ טישל. בענקלעך אַרום. מען נעמט אַרויס ביכלעך און פעדערן און מען נעמט זיך צו דער אַרבעט . . .

מיטאַמאָל האָט זיך דער אינדרויסן אינגאַנצן איבערגעקערט. ס'איז געוואָרן די אמת'ע זאַווערוכע. ס'האָט געדרייט און גע־שווייבלט און געגריבלט. די שנייעלעך זיינען געפאַלן אַזוי געדיכט און זיך געקרייזלט אין אַ ווירוואר, אַז מען האָט קוים געקענט אַרויסזען די אָטאָמאָבילן, די מענטשן, דעם טראַמוואַי.

— עס וועלן שוין היינט ניט קומען קיין פיל קינדער אין שול!

— באַמערקט אַ לערער.

— וואָס ווילסטו פון די קינדער? — ענטפערט אַ צווייטער, — אינדערפרי גייען זיי אין סקול און ביי־טאָג אין דער שול. שווער פאַר קינדער.

מיטאַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר און פריינט רעכלין, דער שול־טוער, איז אַריינגעקומען. ער איז געווען אינגאַנצן ווייס. ער האָט זיך אַרומגעטרייסלט און זיך צעשמייכלט. אַרונטערגעוואָרפן

פון זיך דעם מאַנטל און דעם קאַפּעליוש און זיך געמאַכט היימיש.

פריינט רעכלין איז אַן אַלטער טוער אין דער קינדער־שול־באַוועגונג. זייער אַ האַרציגער מענטש. ער גייט אַרום פון הויז־צו־הויז און פאַרקויפט בילעטן צו אַ שול־אונטערנעמונג, ער פאַר־שפּרייט דעם שול־זשורנאַל און ער „קענוועסט" און ברענגט נייע קינדער אין שול אַריין.

און, ווען ער האָט נאָר צייט, כאַפּט ער זיך אַריין אין שול־לאָקאַל. ער האָט ליב צו הערן ווי די קינדער זינגען אידישע לי־דער. ער האָט ליב צו ר ע ד ן מ י ט ן ל ע ר ע ר.

און ווען מען דאַרף צוגרייטן אַן אונטערנעמונג אין שול: אַ באַנקעט, אַ קאָנצערט, אַ הוליאַנקע, — איז פריינט רעכלין פון די ערשטע. ער קערט און ווישט און וואַשט. ער צעשטעלט און שפּרייט און גרייט די טישן: ס'אַ יום־טוב אין שול! עס רוט אויף פריינט רעכלינ'ען די שכינה! . . .

און איצט־אַ, ווען אין דרויסן האָט זיך אָפּגעריסן אַזאַ זאַווע־רוכע, קיין אַרבעט אין זיין שאַפּ איז סיי־ווי איצט ניטאָ, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין שול אַריין. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז פון נעכטיגן באַנקעט איז געבליבן אַביסל אַרבעט אין קיך דאָרטן, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט. און אַז די לערער זיינען אויך דאָ, איז דאָך אים גוט. רייבט ער זיך די הענט און שמייכלט.

שטייט ער אַזוי אין קיך און טוט עפּעס זייער שטיל אַן אַרבעט און הערט זיך צו ווי די לערער רעדן: ווי אַזוי בעסער צו לערנען מיט די קינדער, איינצופירן קורסן פאַר די עלטערן און צוגרייטן שיינע קולטור־אָוונטן פאַר די מיטגלידער פון דער שול־פאַרוואַל־טונג. ווערט אים אַזוי וואַרעם אין די גלידער. עפּעס וואָלט ער געוואָלט אויסזינגען אַ ליד. עפּעס וויל ער אויסדריקן זיין דאַנק־באַרקייט צו די לערער, וואָס זיינען אַזוי געטריי און אידעאַליסטיש. אמת'ע פאָלקס־לערער. אָט פון יענע, וואָס פלעגן גיין אין פאָלק, לערנען דאָס פאָלק.

מיטאַמאָל פאַלט אים איין אַ טייערער געדאַנק. ער דערפרייט

זיך. ער שמייכלט צו זיך אַליין. שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער, די לערער זאָלן, חלילה, ניט דערהערן, כאַפּט ער אַרויף אויף זיך דעם מאַנטל, דעם קאַפּעליוש און רוקט זיך אַרויס. און סע נעמט ניט לאַנג כאַפּט ער זיך צוריק אַריין מיט פּעקלעך הינטערן מאַנטל און טראָגט זיך אָפּ אין קיך אַריין.

די לערער רויכערן און רעדן און פאַרצייכענען. מיטאַמאָל דערפילן זיי אַ ריח פון געקעכץ: וואָס איז דאָס?! נאָר מאַלע וואָס פּריינט רעכלין טוט דאָרטן. וועמעס דאגה איז דאָס?

און פּריינט רעכלין קומט אַרויס פון קיך אַזאַ צעשטראַלטער, נאָר ער זאָגט גאָרניט. ער זעצט זיך אַוועק אויף אַ ברעג פון אַ באַנק און קוקט אויף די לערער. ער קוקט, רויכערט און שמייכלט אין זיך.

און אָט פאַרענדיגט זיך דער מיטינג. די לערער פאַרפּאַקן שוין זייערע רענצלעך און קלייבן זיך אין וועג אַריין. שטעלט זיך פּריינט רעכלין אויף:

— איך האָב אייך געוואָלט בעטן, אַז איר זאָלט זיך אַוועקזעצן. ס'איז זאַווערוכע אין דרויסן, האָב איך צוגעגרייט אַן אָנבייסן!

די לערער זיינען געבליבן פאַרגאַפּט:

— סטייטש, פּריינט רעכלין, צו וואָס האָט איר דאָס געטאָן?

— מיר האָבן דאָך געקענט אַריינגיין אין אַ רעסטאָראַן.

— הער אַן איינפאַל פון אַ שול־טוער!

און די לערער האָבן זיך צוריק אַוועקגעזעצט. די איינציגע לערערין האָט גלייך אָנגעהויבן העלפן פּריינט רעכלין'ען גרייטן דעם טיש: פלייש, זויערס, אַ שנעפּסל, קאָמפּאָט און קאַווע מיט קיכל. אַן אמתער באַנקעט.

—דער כוח פון די קינדער־שולן: אַ יום־טוב אין אַ פּשוט'ן מאָנטאָג! — באַמערקט אַ לערער.

— ס'איז ביי אונז שטענדיג יום־טוב! — ענטפערט פּריינט רעכלין.

מען זיצט און מען עסט און מען איז זיך משמח.

עס ווענדט זיך די לערערין צו פריינט רעכלינ׳ען:

— אָבער דערציילט אונז: וואָס האָט אייך באַוואויגן צוצו־גרייטן דעם גרויסאַרטיגן „באַנקעט”?

— וואָס? — האָט פריינט רעכלין זיך צעשמייכלט — וואָס? הע, אייך מעג איך דאָך דערציילן דעם אמת: איך האָב אייך ליב, אמת׳דיג זייער ליב! איר טוט אַזאַ אַרבעט, וואָס קיינער פון אונז, שול־טוער, קען ניט טאָן: א י ר ל ע ר נ ט! קיין גרויסער גע־לערנטער מענטש בין איך ניט. דאָס וואָס איך קען, האָב איך זיך ד אָ, אין אַמעריקע, אויסגעלערנט. לייען אַביסל אַ צייטונג און ה ע ר ז י ך צ ו...

מיין טאַטע איז געווען אַ שניידער. אַ גאַנצע וואָך האָט ער געאַרבעט שווער, נאָר עס האָט שטענדיג געפעלט עסן אין הויז. מיין מאַמע האָט אַלע יאָרן אירע געאַרבעט אַרום די קינדער, אין הויז. אַכט קינדער זיינען מיר געווען. און לערנען האָט מען אונז ניט געלערנט. אַז מיר זיינען אַביסל אונטערגעוואַקסן, האָט מען אונז אַוועקגעגעבן אַרבעטן.

לעבן אונזער הויז איז געשטאַנען אַ בית־מדרש. און פון דאָרטן האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג פון לערנען. אַ ישיבה געווען דאָרטן. און יונגע בחורים פלעגן שטענדיג לערנען. געהונגערט און גע־לערנט. האָט דער טאַטע איינגעפירט: איין מאָל אַ וואָך, ווען ס׳איז געווען אַ גראַמער גראָשן אין הויז, האָט ער איינגעלאַדן זעקס בחורים צו זיך. די מאַמע האָט אָפּגעקאָכט אַ זופּ, קאַרטאָפּ־ליעס. דער טאַטע אַליין פלעגט העלפן גרייטן צום טיש, און דער טאָג איז שטענדיג געווען אַ יום־טוב׳דיגער.

און איצט־אָ, ווען איך בין געשטאַנען אין קיך און זיך איינ־געהערט צו אייערע רייד, האָב איך זיך דערמאָנט אין מיין טאַטן, דעם פּשוט׳ן שניידער, אין די אָנבייסנס, וואָס ער פלעגט אין יענע יאָרן צוגרייטן. און איך האָב באַשלאָסן צו טאָן, וואָס מיין טאַטע האָט געטאָן, נאָר אויף מיין שטייגער, אויף אַן אַמעריקאַנער אופן...

און עסט געזונט, און זייט געזונט און שטאַרק און זאָל אייך וואויל באַקומען! . . .

און פריינט רעכלין האָט פאַרענדיגט. די לערער האָבן זיך איבערגעקוקט, זיך פאַרטראַכט און עס פאַרצייכנט ערגעץ ביי זיך אין מוח!...

מען האָט זיך געכאַפּט, אַז ס'איז שוין שפּעט, מען דאַרף שוין פאָרן אין שול אַריין. די לערער האָבן געוואָלט העלפן אָפּראַמען דעם טיש, נאָר פריינט רעכלין האָט ניט געלאָזט:

— גייט, גייט, איר דאַרפט לערנען! די קינדער וואַרטן אויף אייך!

— איך וועל שוין פאַרטרעטן דעם לערער־ראַט! — האָט געזאָגט דער לערער פון ד ע ר שול, — איך בלייב דאָך סיי־ווי־סיי, איך וועל העלפן פריינט רעכלינ'ען, פריינט רעכלין וועט מיר העלפן. מיר'ן צוגרייטן דעם קלאַס־צימער. די קינדער וועלן באַלד קומען לערנען! . . .

(„היים און דערציאונג", ווי מיין טאַטע האָט געטאָן, מאַי, 1939, ס. ב. נומער 5, 1950)

# מיט ליב און לעבן פאַר דער קינדער־שול

מיני איז איצט אַ מאַמע פון דריי־און־זעכציג קינדער. די קינדער פון שול האָבן זי ליב. ווען מיני קומט אַריין אין שול, גיבן זיך אַ וואָרף אויף איר די וואַרעמע, ערלעכע בליקן פון די מיידלעך און אינגלעך, וואָס זי האָט אַהער אַריינגעבראַכט. זיי האָבן זי ליב אַזוי ווי דעם לערער. די קינדער פון די עלטערע קלאַסן זיינען שוין אַזוי פריינטלעך און נאָענט צו איר, ווי אייגענע קינדער. מיני קען זיי גוט. זי קען זייערע טאַטעס און מאַמעס. זי ווייסט, וואָס עס טוט זיך אין זייערע היימען. זי קומט אָפט צו זיי.

***

אַז מען דאַרף גרייטן אַ גלעזל טיי פאַר דער שול־פאַרוואַלטונג, אַ וועטשערינקע אָדער אַ באַנקעט פאַר דער שול, איז מיני די ערשטע גרייט אָנצונעמען די אַרבעט. זי שטייט שטונדן־לאַנג אין קיך, מיט עטלעכע מאַמעס, וואָס זי ברענגט מיט זיך, און קאָכט און באַקט און גרייט צו אַ גרויסן יום־טוב פאַר דער שול. זי טוט דאָס מיט אַזאַ האַרציקייט, מיט אַזאַ איבערגעבנקייט, ווי אַ הייליגע גאָט־פאָרכטיגע אַרבעט, וואָס איר מאַמע פלעגט דורכפירן אין דער אַלטער היים, ווען זי האָט צוגעגרייט חתונות . . .

***

מיני פאַרקויפט יעדן חודש אַ צאָל זשורנאַלן צו די עלטערן. זי ברענגט אַ ביכל אין אַ אידישער הויז. צו יעדער שול־אונטערנעמונג ברענגט זי עלטערן און פריינט. פאַרשידענע ליפלעטס צעטראָגט זי צו שכנות. אַנאָנסן צעלייגט זי אין די ברייוו־קעסטלעך, און אַז זי האָט ניט קיין ליטעראַטור, רעדט זי אַליין. זי רעדט זייער שטיל, באַשיידן, וועגן איר שול, איר קינדער־שול.

***

עלטערן פאַרטראַכטן זיך אַמאָל:

וואָס, אַ שטייגער, האָט געבראַכט די פּשוטע פרוי, מיני, צו דער שול? פונוואַנען האָט זיך גענומען צו דער אָרעמער פּאָלקס־פרוי אַזאַ אינטערעס און איבערגעבנקייט צו אַ בילדונג־אינסטי־טוציע? עס האָבן זיך אייניגע דערוואוסט, אַז זי קען קוים עפּעס איבערלייענען אָדער אויפשרייבן. זי פאַרשטייט קוים די שווערע פאַרוויקלטע פּראָבלעמען און פראַגן פון דער וועלט. אָרעם גע־קליידט און אָרעם באַניימט. זי האָט אַן אייגענעם שווערן יאָך אויף זיך. און דאָך גיט זי אַוועק אַזוי פיל צייט און מי פאַר דער שול־אַרבעט?

אַ רעטעניש אין דער קינדער־שול־באַוועגונג.

***

אַ שווער לעבן האָט מיני דורכגעמאַכט. פון די קינדער־יאָרן האָט זי זיך געפּלאָגט.

דרייצן יאָר געאַרבעט אין די ערגסטע שעפּער פון ברוקלין און ניו־יאָרק. מיט שטויב און שמוץ זיך אָנגעגעסן.

יאָרן לויפן. קינדער קומען אויף דער וועלט. אַ טרייסט אין שווערן לעבן. און דאָס לעבן ווערט שווערער. דריי קינדער וואַקסן. זיי שטופּן זיך דורך, דורך הונגער־טעג, דורך שטילער נויט, דורך אָפענע און באַהאַלטענע לײדן. דריי קינדער אויסגעוואַקסן, אין סקול אַוועק, און אַן אַנדער וועלט געבראַכט אין איר הויז. עפּעס אַן אַנדער שפּראַך. ביסלעך, פּיצלעך פון דער שפּראַך כאַפּט זי. עפּעס אַן אַנדער לעבן, וואָס זי פאַרשטייט אינגאַנצן ניט. קינדער האָבן אָנגעהויבן לאַכן פון איר. קינדער האָבן אָנגעהויבן שפּעטן פון איר, פון איר מאַן. קינדער לאַכן פון טאַטע־מאַמע? —

***

האָט זי זיך דערמאָנט, אַז איר שכנה האָט זי שוין לאַנג איינ־געלאַדן צו אַ מיטינג. נאָר אַז דאָס לעבן איז געגאַנגען אַזוי שווער, איז איר ניט אָנגעגאַנגען קיין זאַך. אָבער איצט, אירע אייגענע קינדער לאַכן פון איר?

פון מיטינג האָט זי געבראַכט ליפלעטס, זשורנאַלן, ביכלעך.

זי פֿאַרשטייט זיי ניט. זי קען זיי קוים לייענען. נאָר זי וועט זיי צעטיילן צווישן די שכנות. זי וועט מיט זיי רעדן. זי האָט געהערט אַזעלכע נייע זאַכן ביים מיטינג. פֿאַראַן אַזוי פֿיל פֿרויען, וואָס קענען רעדן פֿאַר אַן עולם. און איר צונג איז עפּעס צוגעקלעפּט צום גומען.

***

אינדערפֿרי איז מיני געשטאַנען אין קיך אַליין. די קינדער זיינען אין סקול. דער מאַן איז ביי דער אַרבעט. אויפֿן טיש האָט זי צעלייגט אַלע צ ע ר י ס ע נ ע ליפֿלעטס, זשורנאַלן און ביכלעך. דאָס האָבן די קינדער צעריסן איר ניי פֿאַרמעגן. זי האָט דערפֿילט, ווי איר לעבן ליגט אַ צעריסנס אויפֿן טיש. איר אַנגעהאַרעוועט לעבן, איר אַנגעליטן לעבן, וואָס ציט זיך שוין לאַנג, לאַנג, טויזנטער יאָרן, אַן אייביקייט, איז איצט צעריסן געוואָרן פֿון אירע אייגענע קינדער. גרויסע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט פֿון אירע אויגן.

עפּעס מוז געטאָן ווערן! ע פּ ע ס   מ ו ז   ג ע ט אָ ן   ו ו ע ר ן !

***

אין יענעם טאָג — דער טאָג וועט פֿאַרבלייבן אייביג אין איר קאָפּ — האָט זי זיך אָנגענומען מיט אַלע כוחות און דערקלערט די קינדער:

— קינדער, איך האָב באַשלאָסן, אַז איר מוזט גיין אין דער אידישער קינדער־שול, וואָס געפֿינט זיך אויף דער פֿערטער גאַס!

— מיר וועלן ניט גיין! — האָבן די קינדער פּראָטעסטירט.

— ס׳אַ קינדער־שול, וואו מען לערנט די קינדער צו רעספּעקטירן זייערע עלטערן. אויב איר וועט ניט גיין, דאַרף איך אייך ניט, ד אַ ר ף   א י ך   א י י ך   נ י ט !

***

אינגאַנצן פֿינף יאָר אין דעם. היינט איז ביי איר יום־טוב אין דער היים. שלום און פֿריינטלעכקייט הערשט אין דער אָרעמער

אַרבעטער־הויז. אַ טאָכטער לערנט שוין אין מיטלשול. די צווייטע, אין לעצטן קלאַס עלעמענטאַרע שול. זי מיטן מאַן זיינען אַריין אין דער שול־פאַרוואַלטונג. זיי זיינען געוואָרן אַזוי אָנגעזען, ש ל אַ ג ־ ל ע ר!

אַ יום־טוב אין שול. ס'האָט דער שטאָט־קאָמיטעט צוגעשיקט מתנות פאַר גוטער שול־אַרבעט. שטייט מיני אויבנאָן. עס ציטערט אין איר יעדער אבר. רעדן פאַר אַן עולם, ווי אַנדערע, קען זי נאָך אַלץ ניט. זי האַלט אין איין האַנט אַ שפּילקעלע, אין דער צווייטער, אַ בוך. מתנות פאַר איר גוטער אַרבעט. וואָס זאָל זי זאָגן? דערציילט זי פון איר לעבן. עס האָט די שול געבראַכט אַ נייע וועלט פאַר איר. און זי פאַרענדיגט אויף אַ הויך קול:

— מ י ט ל י י ב א ו ן ל ע ב ן פ אַ ר ד ע ר ק י נ ־ ד ע ר ־ ש ו ל!

(געדרוקט „פּראָלעטאַרישע דערציאונג", מאַי, 1938, ס. ב. נומער 5)

# דער לערער וואָס האָט זיך מקריב געווען!

עס דערציילט דער לערער: אין קינדער־קעמפּ איז דאָס גע־ווען, אַן אָוונט. די קינדער ליגן אויף די בעטן מיט אויפגעשטעלטע קעפּ. ס׳איז שטיל אין באַנגעלאָ. דער אויפפּאַסער דערציילט אַ מעשה. ער דערציילט שטיקער פון זיין לעבן. די קינדער ווייסן, אַז זייער קאָנסלער איז אַ לערער אין די אידישע קינדער־שולן. און ער קען אַזוי פיל מעשות. און זיי פילן ווי די מעשות קומען אַרויס פון דער טיפעניש פון זיין האַרצן.

האָבן זיי ליב אַזוי צו ליגן אויף די בעטן. ליגן שטיל מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, אָנשטעלן מויל און אויערן, גרויסע אויגן אנשפּיגלען אין קליינטשיגן לעמפּעלע, וואָס באַלייכט דעם לערערס פּנים.

און אַ מעשה פון מלחמה האָבן קינדער ליב צו הערן. קינדער האָבן געהערט, אַז מען רעדט פון מלחמות. קינדער פאַרשטייען מער, ווי מיר, עלטערן, שטעלן זיך פאָר.

און דער לערער דערציילט היינט אַ מעשה פון דער ערשטער וועלט־מלחמה:

„און אין דער קליינער שטאָט איז געווען אַ אידישע קינדער־שול. אַ שול פאַר קינדער פון אַרבעטער, פון באַלמעלאָכעס, פון אָרעמען פאָלק. און אינגלעך און מיידלעך פלעגן קומען יעדן טאָג זיך לערנען שרייבן און לייענען אַ שיינעם אידיש. און אַ לערער איז געווען אין שול, זייער אַ גוטער לערער. אַזאַ האַרציגער, אַזאַ געטרייער. ער האָט געלערנט מיט די קינדער און זיי אויך באַ־זאָרגט מיט עסן.

ווייל אַ גרויסער הונגער איז דעמאָלט געווען אין לאַנד. דאָס גאַנצע ברויט האָט מען פאַר די סאָלדאַטן אַוועקגעשיקט. מען

האָט געדאַרפט אַזוי, ווייל בראַוו האָבן זיי זיך געשלאָגן געגן די שונאים. אַ סך שונאים זיינען דעמאָלט געווען. פון אַלע עקן וועלט זיינען געקומען שונאים און געוואָלט פאַרניכטן דאָס שטעטל מיט דער קינדער־שול.

ס׳איז געווען אַזוי:

פריער האָבן די מענטשן געהונגערט, האָבן זיי זיך ניט גע־וואָלט שלאָגן, ניט גיין אין מלחמה צו פאַרכאַפּן פרעמדע לענדער. האָט דער הערשער זיי געטריבן מיט בייטשן. זיינען זיי, די אָרעמע פאָלקס־מענטשן, אין כעס געוואָרן און אַרונטערגעוואָרפן דעם הער־שער און אַליין אָנגעהויבן פירן דאָס לאַנד. אַז מען האָט דערהערט פון אַזאַ זאַך איבער דער וועלט, האָבן אַלע קעניגן און הערשער זיך דערשראָקן, אַז זייערע מענטשן וועלן זיי אויך אַרונטערוואַרפן, האָבן זיי דערפאַר געוואָלט אַרויפצווינגען אַ נייעם קעניג אין דעם לאַנד פון יענעם שטעטל, האָבן זיי געשיקט סאָלדאַטן פון דער גאַנ־צער וועלט אין אַ מלחמה.

און בראַוו האָבן זיך געשלאָגן די אַרבעטער, די באַלמעלאָ־כעס, די אָרעמע מענטשן; די עלטערן פון די קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין דער אידישער קינדער־שול האָבן זיך אויך געשלאָגן בראַוו. האָט מען זיי געשיקט דאָס ברויט אויפן שלאַכטפעלד, איז דערפאַר ווייניג געבליבן ברויט פאַרן שטעטל.

אָבער פאַר די קינדער האָט געמוזט זיין ברויט! קינדער מוזן האָבן ברויט! דער לערער האָט געזאָרגט! ער איז אַרומגעלאָפן, זיך געקריגט און געקליגט און געקראָגן ברויט פאַר ז י י נ ע קינדער!

ער האָט אַזוי ליב געהאַט די קינדער, אַ ז ו י ל י ב ג ע־ה א ט!

האָט זיך געטראָפן אַ שרעקלעכע זאַך. אַ פינצטערער טאָג איז געקומען אויפן אידישן שטעטל. באַנדיטן, כוליגאַנעם ווילדע, זיינען פון ערגעץ אָנגעקומען. מיט געוואַלדן און געשרייען האָבן זיי גערויבט און געשלאָגן די אידן אין שטעטל.

האָט דער לערער פֿאַרמאַכט טירן און טויערן. די קינדער זייַ־נען געזעסן איינגענאָרעט איינער איןָ צווייטן און זיך געשראָקן. דער לערער איז געזעסן און דערציילט מעשׂות: מעשׂות פֿון אַ שיינעם מאָרגן, מעשׂות פֿון אַ ליכטיגער און פֿרייער וועלט, וואָס וועט קומען, און קיינמאָל וועלן שוין קיין מלחמות ניט זיין. און קיינמאָל וועלן זיך קינדער ניט שרעקן.

און ברייט האָבן די קינדער צעעפֿנט די אויגן און געקוקט מיט גרויס גלויבן דעם לערער אין מויל אַרייןָ, און געזען האָבן זיי שוין די שיינע, גרויסע, שפּילעוודיגע ווערט.

נאָר פּלוצים האָבן זיך די געשרייען דערנעענטערט צו דער קינדער־שול. ווילדער און ווילדער איז געוואָרן דער געוואַלד. אָט נאָענט לעבן די פֿענצטער און טירן. אָט קומען זיי אַריין אינעווייניג.

האָט דער לערער פֿון אָרט זיך אַ ריס געטאָן. דאָס בוך אין האַנט איז ביי אים ווי אַ האַק געוואָרן. און מיט אַזאַ שטאָלצן טראָט איז ער צו דער טיר אַוועק:

„קינדער, רואיג, האָט ניט קיין מורא. איך וועל ניט לאָזן, איך וועל ניט לאָזן!”

און אַ פּראַל האָט די טיר געטאָן און זיך צעעפֿנט. און שרעק־לעכע, ווילדע פּנים׳ער האָבן זיך באַוויזן אין פֿאַרנאַכטיגן דרויסן, ביי דער שוועל, מיט גזלני׳שע אויגן און ציינישן געלעכטער.

און דער לערער האָט אַ לייבישע שטימע באַקומען און די בוך־האַק אויפֿגעהויבן:

„איר וועט ניט וואַגן צו הייבן די האַנט אויףָ די קינדער. די שול מיט די קינדער מוז לעבן. איך וועל ניט לאָזן, איך וועל ניט ל...

און ניט פֿאַרענדיגט האָט דער לערער דאָס וואָרט, אַ קויל האָט אים אַוועקגעלייגט.

אוןָ פּלוצים זיינען פֿון אַלע אידישע גאַסן און געסלעך אידן אָנגעקומען מיט העק און מיט שטעקענעס, מיט שטאָלץ און מיט מסירת־נפֿש, מיט אַזאַ בראַווקייט, מיט אַזאַ הייסן ברען: „פֿאַר

אונזערע קינדער! פֿאַר אונזער שול! פֿאַר אונזער לערער!" אַז דער שונא איז דערציטערט געוואָרן און איז אַנטלאָפֿן געוואָרן.

די קינדער זיינען געראַטעוועט געוואָרן. די שול איז געראַטעוועט געוואָרן. און דער לערער? דער לערער איז געלעגן אַזאַ רואיגער, מיט אָפֿענע אויגן, און געקוקט ערגעץ ווייט, ווייט, אין דער ליכטיגער וועלט אַריין!"

ווען דער אויפֿפּאַסער האָט פֿאַרענדיגט די מעשה, האָבן די קינדער אַרויסגעלאָזט אַ באַגייסטערטן אויסרוף. זיי האָבן זיך צוגעדעקט מיט די קאָלדרעס, געקוקט מיט אָפֿענע אויגן אין דער נאַכט אַריין. שטיל האָבן זיי זיך איבערגערעדט:

— מיר האָבן ליב אַזאַ שול, מיר האָבן ליב אַזאַ לערער, מיר האָבן ליב אַזאַ מעשה! . . .

און אַלע האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז ווען זיי וועלן קומען פֿון קעמפּ אין שטאָט אַריין, וועלן זיי גיין אין דער קינדער־שול, אין דער שול פֿון זייער לערער, וואָס קען דערציילן אַזעלכע שיינע מעשׂות.

(„דער לערער האָט זיך מקריב געווען", מ. פּ. סעפּט. 20, 1939, נומער 2, ס. ב.)

# די גוטע שילערין מרים

פּאַסעיק, ניו־ידזשוירזי. איך בין געקומען דעם ערשטן טאָג אין מיין ערשטער קינדער־שול. ס'האָט געדעגנט. אַ יונגע שול־טוערין האָט מיר געגעבן אַזאַ קבלת־פּנים:

— פּאַסעיק האָט ניט קיין מזל!

— וואָס איז? — האָב איך זיך געוואונדערט.

— מען האָט אונז באַשטימט אַלס לערער אַ באַרימטן פּעדאַגאָג, האָט ער אָפּגעלערנט דריי טעג און איז אַוועק!

— אַזוי! — האָב איך געגעבן אַ פילאָזאָפישן שמייכל, — טאַקע נישטאָ קיין מזל!

באַלד איז אָבער אַריינגעפאַלן אַ מיידעלע פון אַ יאָר עלף. זי איז אַריין אַ פאַרפלאָמטע און גלייך צו צו מיר:

— העלאָו, לערער! מיין נאָמען איז מרים. איך קען שוין אַביסל לייענען און שרייבן אידיש. איך קען זינגען אידישע לידער! וואָס איז דיין נאָמען?

מיר איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער פריילעך. איך האָב באַלד פאַרגעסן, אַז אין דרויסן גייט אַ רעגן. איך האָב שוין אויך פאַרגעסן אָן דער יונגער שול־טוערין, וואָס איז געשטאַנען ביים פענצטער אָן אַנטוישטע.

— וואו האָסטו זיך אויסגעלערנט די אידישע לידער, מרים?

— האָב איך געהאַלטן איר האַנט אין מיינער און געגלעטעט.

— אין קינדער־קעמפּ. איך און מיין שוועסטער ביטרים זיינען געוועזן אין קעמפּ אַ גאַנצן זומער, האָבן מיר זיך אויסגעלערנט אַ סך אידישע לידער, אויב דו ווילסט, וועל איך זיי זינגען פאַר דיר . . .

און מרים פירט מיך ביי דער האַנט צו דער פּיאַנאָ. און איך

לאָז זיך פירן. מרים עפנט די אַלטע פאַרשטויבטע פּיאַנאָ, זי שפּילט און זינגט פאַר מיר.

— דו ווייסט וואָס, מרים, — זאָג איך איר, — מיר איז איינ־געפאַלן אַ געדאַנק, דאַכט זיך, אַז ס׳איז אַ שיינער געדאַנק! — לייג איך צו מיין פינגער צום שטערן, פאַרטראַכט זיך, כלומרשט (קלוימערשט) קוק צו דער סטעליע, נאָר מיט די שפּיצן פון מיינע אויגן קוק איך אויף מרים׳ען. איך וויל אָקאָרשט זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס וועט מאַכן אויף איר מיין פּאָזע.

מרים האָט אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גלאַנציגע אייגע־לעך. זי האָט איינגעגראָבן אירע בליקן אין מיר, זי האָט נאָר גע־וואָלט טרעפן, וואָס פאַר אַ געדאַנק ס׳איז מיר איינגעפאַלן. ווייזט אויס, אַז ס׳איז געווען שווער צו טרעפן, האָט זי געענדערט דעם אויסזען פון איר פּנים אויף קינדערשן געבעט און מיך געהאַלטן ביי דער האַנט און געשלעפּט:

— זאָג, וואָס פאַר אַ געדאַנק איז דיר איינגעפאַלן, לערער!

— מיר איז איינגעפאַלן, מרים, אַז מיר ביידע זאָלן גרינדן אַ קינדער־כאָר ביי דער שול. איך וועל זען, אַז די קינדער זאָלן וועלן זינגען און דו וועסט זיי לערנען זינגען. דו וועסט שפּילן אויף דער פּיאַנאָ, דו וועסט זיין די דיריגענטין.

מרים האָט אַזש באַקומען אַ רויטע פאַרב אויפן פּנים פון גרויס פרייד:

— גוט, זייער גוט, לערער. איך וועל ברענגען אַ סך קינדער אין שול אַריין.

און מרים האָט אָנגעהויבן ציילן אויף די פינגער: ביטרים, משה, פּערל, דזשוליע, אַנאַ, ליליען, אסתר, און נאָך און נאָך און נאָך, און זי לאָזט זיך שוין לויפן צו דער טיר.

איך האָב זי אָפּגעשטעלט:

— וואוהין לויפסטו, מרים?

— איך לויף זיי שוין צונויפרופן אין שול אַריין!

— וואַרט. אין דרויסן גייט אַ רעגן. זייערע מאַמעס וועלן זיי

ניט לאָזן גיין אין שול אַריין אין אַ רעגן. בעסער זעץ זיך אַוועק, אַט האָסטו אַ בויגן פּאַפּיר, אַ בלייפעדער, שרייב אויף אַלע נעמען פון די קינדער, וואָס דו קענסט, און מאָרגן, מאָרגן וועט זיכער זיין אַ שיינער טאָג, וועסטו נעמען דיין שוועסטערל ביטרים און איר וועט זיי צונויפרופן.

מרים האָט מיך געפאָלגט.

און אויפן צווייטן שול-טאָג זיינען טאַקע געקומען אַ סך קינ־דער: ביטרים, משה, פּערל, דזשוליע, אַנאַ, ליליען, אסתר און נאָך און נאָך און נאָך. זייער פיל קינדער.

מיר האָבן צונויפגעשטעלט אַ כאָר. מרים האָט געלערנט די קינדער זינגען לידער. זי האָט געוואָלט זיין אַ שטרענגע לערערין, נאָר איך האָב ניט געלאָזט. איך האָב איר געזאָגט, אַז אַ לערער דאַרף האָבן געדולד צו קינדער; קינדער דאַרפן ניט מורא האָבן פאַר אַ לערער, זיי דאַרפן אַ לערער רעספּעקטירן און ליב האָבן.

מרים האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין צו אַ גוטער צו די קינדער, נאָר זי האָט מיך געפאָלגט.

ביים דערעפענונג-באַנקעט פון דער אידישער קינדער־שול האָבן שוין די קינדער געזונגען לידער און דעקלאַמירט פּאָעמעס. מרים איז געווען דער ש ט ע ר ן פון דעם יום-טוב. זי האָט גע־שיינט פון גרויס פרייד, וואָס אַ סך עלטערן זיינען געקומען צום באַנקעט, זיי האָבן געגעבן אַ סך געלט, אַז מען זאָל טאַקן מאַכן אַן אמת'ע שיינע אידישע קינדער־שול, ווי מרים האָט געוואָלט: מיט נייע בענקלעך, אַ נייעם טאָוול, אויספּוצן די שול.

מרים איז געווען די בעסטע שילערין. זי האָט זיך געלערנט און געשריבן אַ סך קאָמפּאָזיציעס. מרים האָט געהאָלפן אין דער שול-אַרבעט. זי האָט אַלעמאָל געבראַכט נייע קינדער אין דער שול. ביי מרים'ען איז די אידישע קינדער־שול טאַקע געוואָרן די צווייטע היים.

1927, 1928, 1929, דריי שול-סעזאָנען האָבן מיר פאַרבראַכט מיט מרים'ען און מיט אַלע אירע פריינט און עלטערן. מרים האָט

פאַרענדיגט די עלעמענטאַרע שול און איז אַוועק זיך לערנען אין דער מיטלשול אין ניו־יאָרק. איך בין אַוועקגעפאָרן לערנען אין דעטראָיט, פילאַדעלפיע. אַנדערע קינדער זיינען געוואָרן מיינע פריינט, און אין מרים'ען האָב איך אָנגעהויבן פאַרגעסן, אָבער זי האָט ניט געלאָזט.

1932, אין קינדער־קעמפּ.

איך שווים אין טייך. אויפן ברעג שטייט דער אַלטער שול־טוער הירשקע און שרייט:

— קום אַרויס, צוויי יונגע מיידלעך זיינען דיך געקומען זען!

פריער האָב איך געמיינט, אַז ער שפּאַסט, נאָר איך האָב טאַקע געזען צוקומען צום ברעג צוויי יונגע מיידלעך, בין איך אַרויס פון וואַסער.

— דו ביסט מרים. וואָס מאַכסטו, מרים? — דערפריי איך זיך, — און ד י ך דערקען איך ניט.

— דאָס איז ד ז ש ו ל י ע! — מאַכט מרים מיט אַ געלעכטער.

— ד ז ש ו ל י ע?! ווי שיין דו ביסט אויסגעוואַקסן! איך געדענק, אַז דו האָסט געהאַט אַ שיינע האַנטשריפט און דו האָסט געשריבן אַ סך קאָמפּאָזיציעס און דו האָסט גערעדט זייער אַ סך א י ד י ש, דו האָסט געקענט אַ בעסערן אידיש פון אַנדערע קינדער.

מרים און דזשוליע האָבן ביידע געשיינט. זיי האָבן מיר ביידע דערציילט, אַז זיי זיינען אַקטיוו אין דער יוגנט־באַוועגונג, צווישן די סטודענטן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זיי געדענקען זייער אַ סך פון די מעשׂות, וואָס איך האָב זיי דערציילט. זיי האָבן מיך געוואָלט זען, און זיי זיינען זייער צופרידן, וואָס זיי זעען מיך...

פּיטסבורג, 1935, אַ וויכטיגע קאָנפערענץ פון דער פראַטער־נאַלער באַוועגונג. עס באַגריסן פאַרטרעטער פון פאַרשידענע אָר־גאַניזאַציעס. אין נאָמען פון דער יוגנט ב אַ ג ר י ס ט מ ר י ם. זי איז שוין הויך געוואַקסן, שטאָלץ, מיט אַ קלינגענדיקער זיכערער שטימע גיט זי איבער, אַז די יוגנט האָט זי דערוויילט צו באַגריסן

און איבערגעבן, אַז זיי, די באַוואוסטזיניקע זין און טעכטער, וועלן גיין אויף די וועגן פון פאַרברידערונג, פון פּראָגרעסיוון פּראַטער־נאַליזם . . .

1939, נאָכאַמאָל אין קינדער־קעמפּ.

איך בין אַ קאָנסלער. מרים איז אין קולטור־סטעף אויף דער זייט פון די עלטערן. זי זינגט מיט דער יוגנט, מיט די עלטערן־געסט. זי העלפט אָנפירן קולטור־אויפקלער־אַרבעט. און אין דער איבערגעבליבענער צייט קומט זי אַריבער אויף דער קינדערישער זייט. זי גייט פון גרופּע צו גרופּע, שפּילט אויף אַן אקאָרדיען און לערנט די קינדער אידישע לידער.

מיר באַגעגענען זיך.

— דו געדענקסט, — זאָגט זי צו מיר, — ווען מיר האָבן געלערנט אין דער קינדער־שול, אין פּאַסעיק, און מיר האָבן געלערנט די קינדער זינגען אידישע לידער?

— צי איך געדענק, מרים, זיכער געדענק איך. איך געדענק אפילו, אַז איך האָב פּאָראויסגעזאָגט, אַז דו וועסט אויסוואַקסן, וועסטו זינגען מיט אַ סך, אַ סך קינדער, ניט נאָר פון פּאַסעיק, נאָר פון גאַנץ אַמעריקע. און ווייסט וואָס איך האָב אַנומלטן געזאָגט? איך האָב געזאָגט, אַז עס לוינט זיך די שווערע אַרבעט פון די עלטערן, פון די שול־טוער, פון די לערער, ווייל פון די אידישע קינדער־שולן קומען אַרויס געראָטענע מענטשן ווי ביטרים, משה, פּערל, דזשוליע, אַנאַ ליליען, אסתר און נאָך און נאָך און נאָך, און אויך אַ ביסל צוליב דיר, מרים!...

# דער פֿאָלקס־לערער

דער אידישער לערער מרדכי איז שוין אַן אַלטער לערער. דער גאַנצער קאָפּ־האָר זיינער איז שוין כמעט אינגאַנצן גרוי, נאָר וואו־נים־וואו זיצן נאָך איינגענעסטלט שוואַרצע גרופּקעס האָר, וואָס דערציילן, אַז ער איז געווען אַמאָל אַ ברונעט.

יונג האָט ער אָנגעהויבן זיין לערער־קאַריערע. נאָך אין דער אַלטער היים, אויף יענער זייט ים, איז ער געפאָרן אויף „קאָנדי־ציעס" אין דערפער און אין שטעטלעך, געגעבן פּריוואַטע לעקציעס אויף אידיש, העברייאיש און רוסיש.

ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער געקענט ווערן אַ רב; ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער געקענט ווערן אַ דאָקטער, — האָט ער נים געוואָלט. ער האָט ליב געהאַט צו זיין אַ לערער, איז ער געוואָרן אַ לערער.

אַ הויכער איז ער, מרדכי, דער אידישער לערער, אַ ברייט־פלייציגער, אַ צעוואַקסענער, מיט אַן ערנסטן אויסזען, און מיט אַ געטאָקטער נאָז אין מיטן דעם ברייטן פּנים.

אַזוי איז ער אַ גאַנץ־צופרידענער מיט זיין לעבן. כאָטש דער קאָלנער מיטן שניפּס ליגן ביי אים עפּעס נים אין אָרדנונג. זייער אָפּט פּאַסן זיי זיך נים צו אים. ער בייט נים זייער פּינקטלעך זיין אויבער־העמד. זיין פּנים איז נים קיין געשאָבטער גאַנץ אָפּט.

זיין גאַרניטור, זיין אויבערמאַנטל און זיינע שיך קוקן אויס כמעט שטענדיג נים־ניי. אַביסל איז עס דערפאַר, וואָס ער גיט נים קיין צופיל אַכטונג, און אַביסל איז עס דערפאַר, וואָס אויף אַ נייעם מלבוש איז אים שווער אָנצוזאַמלען גענוג קאַפּיטאַל. אַ קאַפּעליוש טראָגט ער בלויז אַ חודש, צוויי חדשים, דורכן יאָר, דעריבער טראָגט ער זיין קאַפּעליוש שוין אַ שאָק מיט יאָרן.

אָבער אַזוי איז ער אַ גאַנץ־צופרידענער מיט זיין לעבן. אין זיינע קלוגע דורכדרינגלעכע בליקן דערקענט מען, אַז ער זעט גאָר אַן אַנדער וועלט, אַ שיינע גרויסע ליכטיגע וועלט. אין זיין שמייכל, זיין פילאָזאָפישן שמייכל, זעט מען, אַז מרדכי, דער אידישער לע־רער, פאַרמאָגט גרויסע רייכטימער, וואָס פאַרגיטיגן זיין אויסער־לעכן אויסזען. ער לייענט און לערנט אַ גאַנץ לעבן.

און אַז ער לייענט און לערנט אַ גאַנץ לעבן, קען ער אַ סך און ווייסט אַ סך. ער איז באַקאַנט מיטן תלמוד. ער איז ז י י ע ר ה י י מ י ש מיט דער אידישער געשיכטע. ער לייענט עטלעכע שפראַכן. ער איז באַקאַנט מיט עטלעכע ליטעראַטורן. ער איז אוים־גע'חקירה'ט אין דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט. ער איז אָנגע־שטאָפּט מיט פאָלקלאָר. ער איז אַ גייענדיגער ווערטער־בוך, אַ פאָלקס־לערער . . .

***

איז אויך היינט אינדערפרי מרדכי אויפגעשטאַנען גאַנץ־פרי. ער שטייט שטענדיג אויף פרי. ער איז אַרוים אין גאַס און איינגע־קויפט צייטונגען. ער קען ניט עסן קיין פרישטיג אָן קיין צייטונ־גען. אַזוי ווי ער קריגט זיי פון צייטונג־פאַרקויפער, הויבט ער זיי גלייך אָן איבערקוקן. ער וואַרפט מיט זיינע בליקן איבער די קעפּ־לעך נייעסן. ניט אַלעם האָט ער צייט צו לייענען און ניט אַלעם לוינט זיך צו לייענען.

נאָר אַזוי ווי ער האָט געגעבן אַ צעעפן די אידישע צייטונג, האָט אַ קוק געטאָן אויף אים אַ בילד פון אַ באַקאַנט פנים. דאָס איז געווען אַ בילד פון אַ יונגן אַמעריקאַנעם פּראָפעסאָר. נאָך איידער ער האָט איבערגעלייענט דעם אונטערשריפט, האָט ער דערקענט זיין תלמיד, זיין אַמאָליגן שילער שמואל, דעם פאַר'חלומ'טן שמואל.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן גאַס, געקוקט אויפן בילד און געשמייכלט צו זיך אַליין. ער האָט זיך זייער דערפרייט. דער־נאָך האָט ער די צייטונגען צונויפגעלייגט און זיך געלאָזט אַרויף, אין זיין הויז אַריין. ער וועט זיך אַוועקזעצן ביים טיש און לייענען,

גוט, גוט לייענען, וועגן זיין שילער שמואל, וואָס איז שוין אַ פּראָפעסאָר.

ער איז אַריין אין הויז און אויף גיך אַוועקגעוואָרפן זיין מאַנטל אויפן בעט. ער איז אַריין אין זיין קליינער קיך, אַ קיכעלע טאַקע, אונטערגעצונדן דאָס פּייערל אונטער דעם קאַווניק.

ער שפּרייט אויס די צייטונג איבערן טיש און שטייט לעבן טיש, האַלט צו די ערשטע זייט פון דער צייטונג מיט דער רעכטער האַנט, ווי אַ גרויסן בוך, און קוקט און קוקט אויף זיין שילער שמואל און שמייכלט צו אים, רעדט צו אים.

ס'איז קיינער ניטאָ איצט אין הויז, אין די פּאָר צימערלעך, אין דער ד י ר ה פון מרדכי דעם אידישן לערער. זיין פרוי איז ביי דער אַרבעט. אַ פרוי פון אַ אידישן לערער מוז גיין צו דער אַרבעט. איז קיינער איצט ניטאָ אין הויז, רעדט ער צו זיך, צו שמואל'ן, זיין שילער.

ער גיסט זיך אָן דאָס ערשטע טעפּל קאַווע. הייסע קאַווע האָט מרדכי ליב. און ווען די פּאַרע פון דער הייסער קאַווע רויכערט זיך אַרויף, קוקט ער אויף דער אַרויפגייענדיגער פּאַרע און דער־מאָנט זיך אָן זיין שילער שמואל:

שוין אַ שיין ביסל יאָרן דורכגעגאַנגען. אין די דרייסיגער יאָרן איז דאָס געווען. אַ שטורעמדיגע צייט איז דעמאָלט געווען אין לאַנד. הונגער און אַרבעטלאָזיקייט האָט זיך ברייט צעשפּרייט איבערן לאַנד. און אויך אין די היימען פון די אידישע עלטערן, וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין די אידישע שולן, אין דער שול, וואו מרדכי האָט געלערנט, האָט זיך אַריינגעכאַפּט די אַרבעטלאָזיקייט און דער הונגער.

מרדכי האָט געהאָלפן פיל עלטערן קריגן „רעליף", שטאַטישע הילף. אַ סך קינדער האָבן זיך געלערנט אין שול אָן שכר־לימוד. און מרדכי האָט באַקומען זייער ווייניג שכירות דעמאָלט, זייער ווייניג. נאָר וואָס־זשע האָט ער געקענט טאָן, אַז אַזוי פיל עלטערן זיינען אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט, הונגער האָט זיך באַזעצט אין די היימען?

און מרדכי האָט דערציילט די קינדער און דערקלערט פאַרוואָס זייערע עלטערן האָבן ניט קיין אַרבעט און פאַרוואָס אַ סך מענטשן הונגערן. און קינדער האָבן געשטעלט פראַגן. און מער פון אַלע האָט געפרעגט שמואל.

שמואל איז אַ הויך דאַר ייִנגל, אַ בלאַס בחור'ל מיט פאַר־חלום'טע אויגן. שמואל הערט זיך צו, וואָס זיין לערער מרדכי דער־ציילט. ער ווּמורעט מיט די אויגן, עפנט זיי ברייטער און ברייטער. ער וויל הערן מער און מערער פון דעם לערער'ס מעשות.

און נאָכן לערנען בלייבט שמואל אָפט מיטן לערער אין שול. אפשר קען ער עפּעס העלפן דעם לערער. אפשר קען ער עפּעס טאָן פאַרן לערער. אפשר קען אים דער לערער דערציילן נאָך אַ מעשה.

שמואל האָט שטענדיק צייט אין שול, ווייל ער דאַרף לאַנג ניט גיין פון אוג צו דער שול. ער וואוינט טאַקע אין דער זעלבער גע־ביידע. די גרויסע דריי־שטאָקיגע הויז האָט אַ סך צימערן, נאָר קיינער וואוינט ניט אין זיי, בלויז שמואל און זיין ברודערל, זיין שוועסטערל און זיין טאַטע־מאַמע.

דאָס איז אַ הויז פאַר פאַרזאַמלונגען פון אַלערליי אָרגאַניזאַ־ציעס פון דערוואַקסענע. יעדע אָרגאַניזאַציע צאָלט אַביסל געלט און מיט די ביסלעך געלט האַלט מען אויס די הויז.

און שמואל'ס טאַטע־מאַמע גיבן אַכטונג אויף דער הויז, זיי האַלטן ריין די צימערן, אַז מען זאָל קענען אָפּהאַלטן מיטינגען, אַז מען זאָל קענען דורכפירן פאַרשידענע לעקציעס און אונטערנעמונ־גען, אַז מרדכי זאָל קענען לערנען מיט אידישע קינדער.

שמואל איז דער בעסטער פריינט פון לערער. וואָס דער לערער הייסט שרייבן ,שרייבט ער. וואָס דער לערער פאַרגיט אין לייענען, לייענט ער.

די מערסטע קינדער פון שול, וואָס האָבן ניט קיין גרויסן חשק צו די שול־לימודים, האַלטן ניט שטאַרק פון שמואל'ן. זיי רופן אים „דער פאַר'חלום'טער שמואל". אָבער שמואל'ן אַרט עס ניט. ער קען טאַקע שרייבן, לייענען און רעדן אידיש בעסער פון אַלע. און אַז

עס קומט טאָקע צו אַ שווער אידיש וואָרט, ווייסט שוין דער קלאַס, אַז שמואל וועט זיין דער איינציגער, וואָס וועט וויסן.

און שמואל'ס טאַטע, וואָס איז אויך אַ בלאָסער, אַ בלייכער, איז זייער צופרידן ווי אַזוי זיין זון לערנט זיך גוט אין שול. שמואל'ס טאַטע איז אַ בלאָסער און אַ בלייכער דערפאַר, וואָס שוין יאָרן און יאָרן, אַז ער איז אַ פאַרבער, ער פאַרבט הייזער. שוין זייער אַ סך הייזער האָט ער אויסגעפאַרבט. נאָר איצט איז ניטאָ וואָס צו פאַרבן, פאַרדינט ער ניט, קוקט ער נאָך אוים בלאָסער און בלייכער, ווי שטענדיג.

און שמואל'ס מאַמע איז צופרידן ווי אַזוי איר זונדעלע לערנט זיך. זיין מאַמע איז גאָר אַ קליין-וואוקסיגע און זי האָט גאָר פון זיך אַרויסגעגעבן אַזאַ גרויסן, געראָטענעם זון.

און ווען מרדכי דער לערער טוט זיך שוין אָן זיינע קליידער, ער האָט שוין פאַרענדיגט לערנען מיט אַלע קלאַסן, באַגלייט אים שמואל אַראָפּ אַלע טרעפּ, ביז צו דער לעצטער טיר אַרוים.

און איינמאָל, ווען דער פרילינג האָט זיך באַוויזן פרי אין שטאָט, האָט שמואל באַגלייט זיין לערער אַזש ביז צו דעם טראַמוויי. און דער לערער מרדכי האָט אים געפרעגט: „שמואל, זאָג מיר, וואָס וואָלסטו געוואָלט זיין, ווען דו וועסט אויסוואַקסן, ווען דו וועסט ווערן אַ גרויסער מענטש?“

„איך וועל זיין אַ לערער, ווי איר, לערער מרדכי!“ — האָט שמואל געענטפערט.

„אַ לערער גאָר? — האָט זיך דער לערער מרדכי געוואונדערט, — אַ לערער איז ניט אַזוי גוט צו זיין. ער דאַרף זיך אויסעסן דאָס האַרץ מיט שלעכטע קינדער, מיט טעמפּע קינדער. אַ לערער קריגט ניט אַזוי גוט באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט. און דו ווילסט גאָר זיין אַ לערער!!“

שמייכלט דער פאַר'חלומ'טער שמואל און רופט זיך אָן: „אָבער אַ לערער איז דאָך אַ גרויסער קענער, אַלצדינג ווייסט אַ לערער. אַ לערער קען דערציילן זייער אַ סך מעשות, אַ לערער קען די גאַנצע

פֿאָלקס־געשיכטע און האָט געלייענט אַ סך ביכער פֿון אַ סך שרייבער!“

און שמואל דערציילט איבער די מעשה, וואָס דער לערער מרדכי האָט אים דערציילט, ער געדענקט וואָרט אין וואָרט:

„אַמאָל, אַמאָל, איז געפֿאָרן אַ גרויסע שיף אינמיטן גרויסן ים. אויף דער שיף זיינען געפֿאָרן אַ סך, אַ סך מענטשן. צווישן די פּאַסאַזשירן זיינען געווען זייער פֿיל, זייער פֿיל רייכע סוחרים, הענדלער. זיי האָבן געפֿירט מיט זיך זייער אַ סך, זייער אַ סך פֿאַרשידענע סחורות. זיי האָבן געפֿירט גאָלד, זילבער, בריליאַנטן, דימענטן, פֿאַרשידענע צירונגען. און פֿאַרשיידענע אויסגענייטע שאַלן, שאַלעכן און שאַלעכלעך. אויסגעוועבטע און אויסגעשטריקטע טעפּיכער. פֿיין־גענייטע קליידער. אויסגעפּוצטע נייע גלאַנציגע שיך, שיכלעך און שיכעלעך און שטיוול. און מען האָט געפֿירט היטלען, היטעלעך, הוטן און קאַפּעליושן. און מען האָט געפֿירט זייער טייערע פּרוכטן, מאַראַנצן, לימענעס, מילגרוימען און אתרוגים און לולבים. און נעגעלעך, שמעקנדיקע בלעטער, לאָרבער־קרענץ און רפֿואות, תרופֿות און פֿאַרפֿיומען און פֿיינעם בוימאייל. און אַלערליי פֿאַרשידענע קאָלירטע וואַרעם און לעדער און געפֿאַרבטע שטרויען. און פֿאַרשיידענע ווײַנען האָט מען געפֿירט, ווייסע און רויטע ווײַנען, שטאַרקע און שוואַכע און זיסע ווײַנען. הכלל, עס זיינען געווען אויף דער שיף אַלע גוטסן און אַלע רייכקייטן פֿון דער גאַנצער וועלט.

און די סוחרים זיינען אַרומגעגאַנגען פֿריילעכע איבער דער שיף. און זיי האָבן געלויבט און גערימט זייערע סחורות. און זיי האָבן טאַקע צווישן זיך אויך געמאַכט מסחר. און זיי האָבן זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז אַזוי ווי זייער שיף וועט נאָר אָנקומען צום ברעג, וועט מען זיי באַפֿאַלן פֿון אַלע זייטן און מען וועט צעכאַפּן זייערע סחורות, מען וועט זיי צאָלן אין טאָג אַריין, מען וועט זיי אָפּגילטן און זיי וועלן ווערן זייער און זייער רייך.

און אויף דער שיף, צווישן די אַלע סוחרים, איז בלויז געווען איין סוחר, וואָס איז זיך אַרומגעגאַנגען אַ רואיגער, אַ שמייכלענ־

דיגער. ער האָט זיך ניט געטומלט, ער איז זיך גאָר אַרומגעגאַנגען מיט אַ  ב ו ך  אין דער האַנט און אַלעמאָל אַביסל געלייענט.

און אַז די סוחרים האָבן אים געפרעגט, וואָס פאַר אַ סחורה ער פירט, וואָס פאַרקויפט ער און וואָס קויפט ער; אפשר קען ער זיך בייטן מיט זיי מיט אַן אַנדער סחורה, האָט ער זיי געענטפערט מיט אַ שמייכעלע: „מיין סחורה קענט איר ניט קויפן און ניט פאַר־קויפן, איר קענט זי ניט פאַרבייטן, מען קען זי ניט עסן און ניט טרינקען, מען קען זיך מיט איר ניט קליידן און ניט שיכן, מיין סחורה ליגט אין קאָפּ  אָ ט ־ אָ ־ ד אָ  אָ!" — און דערביי ווייזט ער אָן אויף זיין קאָפּ און אויפן  ב ו ך,  וואָס ער האַלט אין דער האַנט, און ער שמייכלט צו זיי מיט אַזעלכע קלוגע אויגן.

קוועטשן זיי מיט די פּלייצעס, די סוחרים. זיי וואונדערן זיך: „וואָס פאַר אַ מין סחורה קען דאָס זיין? אפשר איז ער אַ כישוף־מאַכער?" און אייניגע סוחרים וויצלען זיך און לאַכן: „אָדער ער איז פאַררוקט, אָדער ער איז אַראָפּ פון זינען, אָדער ער איז גלאַט משוגע, — אַ סחורה וואָס ליגט אין קאָפּ! איר האָט שוין געהערט פון אַזאַ סחורה, וואָס מען קען ניט עסן און מען קען ניט טרינקען, וואָס קען ניט קליידן און קען ניט שיכן?"

און אַזוי ווי זיי לאַכן און וויצלען זיך, ווערט אַ גרויסער ווינט, אַ שרעקלעכער שטורעם. עס הויבט אָן וואַרפן מיט דער שיף. די שיף וויגט זיך אַרויף און אַראָפּ. די ברויזנדע כוואַליעס עפענען גרויסע מיילער, הויבן אויף גרויסע וואַסער־בערג און מאַכן גרויסע טאָלן. די שיף איז געוואָרן אַ הוידלקע־שפּילעכל פאַרן ים, פּונקט ווי אַ קינד הוידלט זיך אויף אַ הוידלקע, אָט שלינגט דער ברויזנדער ים איין די שיף און אָט שפּייט ער זי אויס.

עס האָט אָנגעהויבן וואַרפן מיט די מענטשן, ווי אין אַ קדחת. עס איז אָנגעפאַלן אויף יעדן אַ גרויסע שרעק. יעדער איינער האָט אָנגעהויבן צו בעטן צו זיין גאָט, אַז ער זאָל איינשטילן דעם ים, נאָר דער ים האָט זיך נאָך מער צעבושעוועט.

און אַז דער ים האָט ניט געוואָלט ווערן שטילער, האָט דער

קאַפּיטאַן פון דער שיף געהייסן אַרויסוואַרפן אַלע סחורות אין ים אַריין. און די סוחרים זיינען געשטאַנען פאַרוויינטע און פאַרקלאָגטע און דערשראָקענע און געזען ווי פּאַק נאָך פּאַק, און זאַק נאָך זאַק מיט די טייערסטע סחורות ווערן געוואָרפן אין ים אַריין. און די שיף האָט זיך געטראָגן שנעלער און דער ים האָט געבושעוועט. און מען האָט געוואָרפן די סחורות פאַר די פיש. און די סוחרים האָבן געוויינט און זיך געשראָקן פאַרן טויט.

נאָר דער סוחר, וואָס האָט געהאַט זיין סחורה אין קאָפּ, האָט זיך אַרומגעדרייט רואיגער פון אַלע. ער האָט זיי געזאָגט, אַז פון דעם, וואָס זיי וועלן זיין אויפגערעגט, וועט דער ים ניט ווערן שטי־לער. מען דאַרף נאָר האָפן, אַז מען זאָל בשלום קומען געזונט צום ברעג. און אַז מען וועט קומען געזונט צום ברעג, און מען וועט בלייבן לעבן, וועט מען שוין קריגן די אַלע סחורות.

און ענדלעך האָט מען דערזען ערד. מען האָט זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צו אַ שטאָט. מען האָט זיך געפרייט. נאָר די פרייד פון די רייכע סוחרים איז צעשטערט געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז אַלע זייערע סחורות ליגן אויפן גרונט פונעם ים. די פיש עסן זיי. נאָר מער פון אַלע האָט זיך געפרייט דער מאַן, וואָס האָט געהאַט זיין סחורה אין קאָפּ און אין ב ו ך.

און ווען מען האָט אָנגעהויבן פאַראַנקערן די שיף, מען האָט אָנגעהויבן אַריבערוואַרפן ברעטער־לייטערס צום ברעג, האָט מען דערזען אַ גרויסן עולם פאַרזאַמלט ביים ברעג, אַן עולם פון יונגע מענטשן. און די יונגע מענטשן פאָכען מיט זייערע טיכלעך און מיט זייערע הענט צו דעם סוחר, וואָס האָט זיין סחורה אין קאָפּ. און דער שמייכלענדיגער מאַן פאָכעט צו זיי, שמייכלט און פרייט זיך און ער זאָגט צו אַלע געוועזענע רייכע סוחרים פון דער שיף:

„איר זעט, מיינע פריינט, אָט־די יונגע מענטשן זיינען געקו־מען קויפן ביי מיר מיין סחורה, וואָס איך האָב אין קאָפּ. איך בין אַ ל ע ר ע ר און זיי זיינען מיינע תלמידים. זיי האָבן זיך ליב צו לער־נען. און איך האָב ליב צו לערנען מיט זיי. זיי האָבן ליב די סחורה,

וואָס באַקליידט ניט און באַשיצט ניט; די סחורה, וואָס איז ניט שווער אויף אַ שיף אין אַ גרויסן שטורעם און מען דאַרף זי ניט וואַרפן אין וואַסער אַריין!"...

— איז דערפאַר, — זאָגט דער פאַר'חלום'טער שמואל, — וויל איך אויך זיין אַ לערער, ווי איר, לערער מרדכי...

דעמאָלט האָט שוין דער לערער מרדכי ניט געוואָלט אַרויפגיין אויף דעם טראַמוויי, וואָס איז אָנגעקומען. ער איז געגאַנגען מיט שמואל'ן אויף אַ שפּאַציר. ער האָט מיט שמואל'ן גערעדט, גע־שמועסט. ער האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט אויסוואַקסן, שמואל, און אַז ער וועט זיין אַ לערער, וועט ער שוין זיין גאָר אַ גוטער לערער. און ער האָט אים דערציילט די מעשה פון עקיבא דעם פּאַסטוך. אַ פּשוט'ער פּאַסטוך געווען. ער האָט אפילו דעם אלף־בית ניט געקענט. און אַז ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, אַז ער וויל זיך לערנען, האָט ער אַזוי פיל געלערנט, האָט ער אַזוי לאַנג געלערנט, ביז ער איז געוואָרן אַ לערער פון פיר־און־צוואַנציג טויזנט שילער. יאָ, יאָ, פיר־און־צוואַנציג טויזנט תלמידים! און אויב ער, שמואל, האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, אַז ער וויל ווערן אַ לערער, וועט ער שוין זיין אַ לערער, אַ גוטער לערער, שוין א י י נ מ אָ ל אַ לערער!...

און איצט־אָ, ווען מרדכי זיצט אין קיך און גרייט זיך טרינקען קאַווע, האַלט צעשפּרייט די צייטונג אָן אָפענע, קוקט אויף אים זיין שילער, דער פאַר'חלום'טער שמואל. ער שטייט אויפן בילד אַן ערנסטער. נאָר מרדכי קוקט גוט אַריין אין זיינע אויגן, קוקט גוט אויף זיינע ליפּן, דערזעט ער, ווי עס שיינט אַרויס אַ פּיערל פון זיינע אויגן, ווי עס שפּראָצט אַרויס אַ שמייכעלע פון זיינע ליפּן, אַ ליב שמייכעלע פון אַ ליבן בחור...

מרדכי כאַפּט ביסנס אין מויל אַריין, זופּט צו ביסלעך פון דער הייסער קאַווע און לייענט, וואָס ס'איז געדרוקט אין דער צייטונג וועגן שמואל'ן.

און מרדכי, דער אידישער לערער, איז זייער פריילעך. ער פאַר־

ציט פאַר זיך אַליין אַ ניגונ׳דל. ער וועט שוין היינט דערציילן אַלע זיינע שילער און עלטערן און פריינט וועגן זיין תלמיד שמואל, דער פאַר׳חלומ׳טער שמואל, וואָס איז איצט אַ פּראָפעסאָר.

***

איז היינט מרדכי געקומען פרי אין שול אַריין. כאָטש היינט ברענט אַ גרויסער פראָסט אין דרויסן. און אַז אין דרויסן איז זייער שטאַרק קאַלט, איז אין שול אויך אַ פיין ביסל קאַלט. די קעלט רוקט זיך אַריין דורך דער טיר, וואָס האָט שפּאַרונעס פון אויבן, אין איין זייט און גאָר ביי דער שוועל. די קעלט שטופּט זיך דורך די פענצ־טער, וואָס זיינען ניט שטאַרק פאַרפעסטיגט. און דער „סטים", וואָס קומט אַריין אין דעם „רעדיאַייטער", איז עפּעס ניט קיין הייסער „סטים", עס איז עפּעס אַ מין וואַרעמלעכער „דאַמפּ", — אַזוי אַז אין שול איז אין אַזאַ טאָג אַ מין פאַרעוודיגע טעמפּעראַטור : ס׳איז ניט צו קאַלט און אויך ניט צו וואַרעם.

אין אַזאַ פראָסטיגן טאָג טראָגן די קינדער די מאַנטלען, די סוועדערס, לייבלעך, אויף זיך. און אַמאָל, ווען דער לערער מרדכי קען זיך שוין מער ניט איינהאַלטן, עס העלפט שוין מער ניט קיין שעמען זיך, כאַפּט ער טאַקע אַרויף דעם מאַנטל אויף זיך. ער טוט אים ניט אָן אינגאַנצן, ווי מען טראָגט אַ מאַנטל אין גאַס, נאָר ער הענגט אים אויף אויף די די פּלייצעס, גלאַט אַזוי, מעשה ספּאָרט, און דערווייל טאַקע וואַרעמט עס אַביסל אַ פּלייצע.

נאָר מיט די פיס האָט מרדכי זייער גרויסע צרות. פון דיל, וואָס איז שוין אָן אויסגעריבענער, אַ צעשפּאָלטענער, האָט עטלעכע לע־בעלעך, שיסט אַרויס אַזאַ קעלט און פאַרקילט זיינע פיס, דעמאָלט מוז ער שוין אַרומשפּאַצירן אין קלאַס.

נאָר היינט, כאָטש עס ברענט אַזאַ פראָסט אין דרויסן, איז ער געקומען פרי אין שול אַריין. ערשטנס, האָט ער ניט געקענט קומען ניט־פרי, ווייל ער האַלט מיט זיך די ציימונג מיט שמואל׳ס בילד. און צווייטנס, וועט ער זיך אָן עצה געבן. ער וועט אָנצינדן די פייער־לעך פון גאַז־אויוון. נו, וועט עס קאָסטן אַ פּאָר סענט דער שול. מען

בלייבט אים שולדיג נאָכן סעזאָן אַזוי פיל און אַזוי פיל דאָלערן, וועט מען אים בלייבן שולדיג נאָך אַ פּאָר סענט.

און אָט קומען שוין די קינדערלעך מיט זייערע גלעקלעך. די קליינע וועוועריקעס פון ערשטן קלאַס. זיי באַגריסן זיך מיטן לערער. זייער לערער שמייכלט שטענדיג. נאָר היינט שמייכלט ער נאָך מער, עפּעס קוקט ער אויס זייער אַ צופרידענער, מער צו־פרידן, ווי תמיד.

מען שרייבט היינט זאַצן. ביי דעם לערער מרדכי קומען אָפּט אַרויס די זאַצן מיט אַ גראַם, ווי אַ לידל. און די קינדער האָבן דאָס טאַקע ליב און שרייבן און לייענען מיט חשק.

און אַז די קינדער האָבן פאַרענדיגט זייער לייענען און שרייבן, האָט דער לערער מרדכי פאַרשפּרייט די ציימונג איבער זיין טיש, ווי אַ טישטוך. ער האָט צוגערופן אַלע קינדערלעך צו זיך, אַרום טיש, ער האָט אָנגעשטעלט זיין פינגער אויף שמואל׳ס בילד און זיי געזאָגט:

„איר זעט, קינדער, דעם יונגן מאַן? ער איז געווען מיינער אַ שילער, אַ גוטער תלמיד, אַזאַ שילער, וואָס האָט געקענט ווערן אַ פּראָפעסאָר!" און ער האָט זיי דערציילט מעשות פון שמואל׳ן. און די קינדער זיינען געווען זייער צופרידן. עס האָט זיי נאָר פאַר־דראָסן, וואָס זייער צייט האָט זיך אַזוי שנעל פאַרענדיגט און די גרעסערע חברה־לייט פון צווייטן קלאַס קומען שוין אָן.

און אין צווייטן קלאַס און אין דריטן קלאַס האָט דער לערער מרדכי דערציילט מעשות די קינדער פון זיין שילער שמואל.

נאָר אַז ס׳האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען די גרויסע יונגען און די גרויסע מוידן פון פערטן קלאַס, פון דעם גראַדואיר קלאַס, וואָס גרייט זיך שוין אין מיטלשול אַריין: ס׳איז געקומען די לאַנגע דזשודיט און די ברייטע חוה, דער קליינטשיגער סאל, וואָס פירט ביי זיך איין, אין זיין העפט אַריין, אַלע שווערע ווערטער און פאַר־טייטשט זיי אויף ענגליש, ער מאַכט זיך אַליין אַ ווערטער־בוך. און פערל די גרעסערע, וואָס האָט ליב אַ סך צוקערקעס, און משה

פערל די קלענערע, וואָס קען שפּילן און זינגען און טאַנצן, און דער קלענער, וואָס שרייבט מיט קליינע אותיות׳לעך, ווי פּיצלעך פליגלעך, אַז דעם לערער אַליין איז שווער איבערצולייענען, און משה דער בלאָנדער, דער שטיל־שוויַיגנדיגער, און נחמה׳קע די חנ׳עוודיגע, און עלענאָר, די אינטעליגענטקע און דער געאָגראַפּיסט און שיפן־מאַכער שלמה, דער בעסטער פון אַלע שלמה׳ס. דאָס איז דער שלמה, וואָס האָט ביי זיך אין דער היים, אין זיין צימער, אַ וועלט־קאַרטע, און ער ווייסט אויף אויסנווייניג אַלע שטעט און אַלע טייכן און אַלע בערג פון דער גאַנצער וועלט. און דער שלמה טראָגט זיך אַרום מיט אַ מעסערל און האַלט אין איין שניצן. וואָס איר ווילט קען ער אייך אויסשניצן. און אַ מאָלער איז ער גאָר אַ גרויסער. ער מאָלט אייך אַלע עראָפּלאַנען און אַלע שיפן און, און, און . . . שוין איינמאָל אַ שלמה!

איז, אַז די פּערטע־קלאַסניקעס האָבן זיך היינט אַריינגע־שטעלט אין שול אַריין, איז מרדכי׳ן געוואָרן ליכטיג אין די אויגן. אָט אויף זיי האָט ער דאָך געוואַרט דעם גאַנצן טאָג. ערשטנס, זיינען דאָס שוין טייערע שילער, גאַנצע מענטשן, זיי פאַרשטייען דאָך, וואָס מען רעדט צו זיי. און צווייטנס, וויל ער זיי דערציילן וועגן שמואל׳ן. עס וועט זיין אַזאַ מין שמועס, וואָס וועט זיין פאַר זיי אַ לעקציע אין געשיכטע.

נאָר איידער מען האָט זיך נאָך גוט צעזעצט אויף די בענקלעך, איז צוגעשפּרונגען די קלענערע פּערל: „לערער מרדכי, לערער מרדכי, אפשר זאָלן מיר היינט מאַכן טיי פאַר אייך און פאַר אונז? ס׳איז היינט אַזוי קאַלט, וועלן מיר זיך דערוואַרעמען!״

און נאָך איידער דער לערער האָט געגעבן זיין ענטפער, איז שוין די גרעסערע פּערל געקומען מיט אַ באַריכט: „יאָ, יאָ, לערער מרדכי, לאָמיר מאַכן טיי. ס׳איז דאָ דאָרטן אין שאַפקעלע צוקער און טיי, און קיכעלעך זיינען געבליבן פון דעם מיטינג פון דער שול־פאַרוואַלטונג. לאָמיר מאַכן טיי!״

„לאָמיר מאַכן טיי!״ — האָבן זיך אַלע חברה־לייט געבעטן.

„יאָ, — זאָגט דער לערער מרדכי מיט אַ שמייכל, — היינט וועלן מיר לערנען ביי אַ גלעזל טיי, ווי גרויסע מענטשן!"

און די „פּרויען": ביידע פּערלס און דזשודיט און חוה האָבן געווישט די גלעזער און די שאָלן, אויסגעטיילט יעדן איינעם צו דריי פּלעצלעך, פּונקט צו דריי איז יעדן אויסגעקומען, און יעדן איינעם האָבן זיי אַריינגעשאָטן איין לעפּעלע צוקער, אַ לעפּעלע און אַ האַלב פּאַר די נאַשערס, נאָר קיין צוויי האָט מען ניט געגעבן.

מען האָט זיך אַלע אויסגעזעצט, ווי גרויסע מענטשן, און זיך געוואַרעמט אַרום דער טיי. די „מענער": די צוויי משה'ס און סאל און שלמה האָבן זיך גאָר מחיה געווען. קיין אַרבעט האָבן זיי ניט געדאַרפט טאָן. די „פּרויען" האָבן זיי צוגעטראָגן די גלעזער טיי. דערפאַר האָבן זיי נאָך געמאָנט צוקער, ס'איז פאַר זיי ניט גענוג זיס, און נאָך פּלעצלעך. ווען ס'איז דאָ, וואָלטן זיי, די „מענער", געקענט איינשלינגען אַ פולן שקארמיץ מיט קיכעלעך. איז טאַקע אַ גליק, וואָס ס'איז נאָר געווען צו דריי.

און דער לערער מרדכי גיט זיך אַזוי אַ גאָר ברייטן צעשמייכל און גיט אַ מאַך: „הערט זיך איין, חברה, ווי וואָלט געווען ווען מיר לערנען היינט ניט קיין געשיכטע, האַ? עפּעס דאַכט זיך מיר, אַז איר ווילט היינט ניט לערנען, איר ווילט נאָר טרינקען טיי, האַ?"

האָבן זיך די יונגען מיט די מוידן אָנגעהויבן איבערקוקן, זשמורען מיט די אויגן און קוועטשן מיט די פּלייצעס. מען האָט זיך אָנגעהויבן צו שושקען: „ס'אַ „טריק", איך ווייס, ס'אַ שפּיצל!"

„ניין,—מאַכט עלענאָר,—מיר ווילן גראָדע יאָ היינט לערנען!"

„איך האָב גראָדע זייער ליב צו הערן די מעשׂות פון דער אידישער געשיכטע!" — חנ'דלט זיך נחמה'קע.

און אַלע חברה-לייט האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן מאָנען.

דאָ האָט זיך דער לערער מרדכי גאָר מחיה געווען. ער האָט אויסגעשפּרייט די ציימונג איבערן טיש און געזאָגט: „אויב אַזוי, איז גוט, וועל איך אייך דערציילן פון מיינעם אַ שילער פון אַן אַנדער שטאָט. ער האָט אויך ליב געהאַט די אידישע געשיכטע. און

ער האָט אַזוי פיל געלערנט, ביז ער איז געוואָרן אַ פּראָפעסאָר, אַ ט ז ע ט!"

און אַלע האָבן זיך געגעבן אַ שנעלן הויב אויף, אַז זיי האָבן שיר ניט אויסגעגאָסן די גלעזער טיי, און אַריינגעשטעקט די נע־זער אין דער צייטונג. און אַז זיי האָבן זיך שוין גוט, גוט אָנגע־קוקט אין בילד, האָבן זיי זיך אויסגעזעצט צוריק אויף זייערע פּלע־צער, שטיל, ווי קאָטעקלעך, און געבעטן, אַז דער לערער זאָל זיי דערציילן וועגן דעם שילער שמואל, וואָס איז אַזש געוואָרן אַ פּראָ־פעסאָר, און וואָס זיין בילד איז אַזש דאָ אין דער צייטונג...

און אַז דער לערער מרדכי האָט פאַרענדיגט דערציילן זיינען די יונגען און די מוידן געבליבן זיצן מיט גרויסע אָפענע אויגן, מיט אָפענע מיילער. זיי האָבן געוואָלט הערן נאָך און נאָך. זיי האָבן מיטאַמאָל באַשאָטן זייער לערער מיט פראַגן, און אַלע האָבן שוין געוואָלט שרייבן אַ בריוו, אַ גרויסן בריוו, צו זייער פריינט שמואל, דעם גרויסן געשיכטע־קענער.

נאָר זייער לערער מרדכי האָט זיי באַרואיגט מיט אַ שמייכל:

„וואַרט, וואַרט, מיר וועלן נאָך לערנען גענוג געשיכטע. און אַז איר וועט קומען אין מיטלשול, וועט איר ערשט לערנען געשיכטע. און אַ בריוו צו שמואל'ן וועלן מיר טאַקע שרייבן, און אַ גרויסן, שיינעם און קלוגן בריוו, וועלן מיר אים שרייבן. אָבער אַזאַ בריוו קען מען ניט שרייבן אויף איין פוס, אויף כאַפּ־לאַפּ. מען דאַרף זיך אַוועק־זעצן און זיך אַריינטראַכטן, גוט, גוט אַריינטראַכטן, און דערנאָך שרייבן. וועט טאַקע יעדער איינער פון אייך אין דער היים אָנ־שרייבן אַ פיינעם בריוו צו שמואל'ן און ברענגען אין שול אַריין מאָרגן!..."

און אַז מען האָט זיך אומגעקוקט אויפן זייגער, דעם קיילעכ־דיגן זייגער אויף דער וואַנט, האָט מען זיך געגעבן אַ כאַפּ, אַז ס'איז אַוועק אַ שעה מיט צוואַנציג מינוט און מען האָט גאָרניט באַמערקט, ווי אַזוי די ווייזערס האָבן זיך פּאַוואָלינקע אַ ז ו י ש נ ע ל גע־רוקט, האָט מען זיך געגעבן אַ טו אָן און מען האָט אָנגעהויבן

לויפן אהיים.

***

נאָר מרדכי איז נאָך אַהיים ניט געלאָפן. וואָס וועט ער לויפן אַהיים, אַז אין אַ שטונדע אַרום וועלן זיך צונויפקומען מיטגלידער, עלטערן און פריינט פון דער שול. מען וועט אויפנעמען טאָג-טעג-לעכע לויפנדיגע פראַגן און ער וועט היינט פאַר זיי האַלטן אַ לעק-ציע אויף דער טעמע: „קינדער-דערציאונג אין שול און אין דער היים".

לייגט ער צונויף זיינע קלאַס-ביכער, העפטן און בלייפעדערס. ער לייגט אויף אַן אָרט די שטיקלעך קרייד און דאָס בערשטל. ער גרייט אָן די קאַרטלעך מיט די נאָטיצן פון זיין לעקציע. ער וועט זיך באַלד אַריינכאַפּן אין דערבייאיגן רעסטאָראַנדל אַ ביים טאָן עפּעס, עפּעס איבערכאַפּן, אַ קליין וועטשערקעלע מיט אַ טעפּל קאַווע. היינט וועט ער עסן אַ „קאַנאַפּקע", געהאַקטע לעבער אויף צוגע-באַקטן „געטויסטעטן", ברויט. און מרדכי איז זייער צופרידן פון נייעם וואָרט „קאַנאַפּקע", וואָס ער האָט געהערט פון אַ מאַמען פון גאַליציע. ביי זיי אין גאַליציע איז קאַנאַפּקע אַזאַ מין „סענע-וויטש", וואָס מען רופט אין אַמעריקע.

און איידער ער געזעגנט זיך מיטן קלאַס-צימער, גיט ער אַ קוק אויף די שול-בענקלעך, אויף די נידעריגע שטענדערס. אים דאַכט זיך, אַז די ערטער זיינען נאָך וואַרעם פון די קינדערס קער-פּערלעך, און אים ווערט וואַרעם פון זיי. ער דערמאָנט זיך אין זיינע קינדער-יאָרן. ער דערמאָנט זיך אין זיין יוגנט. קינדערישע חלומות, יוגנטלעכע טרוימען. ער האָט צו זיי קיין פיל מזל ניט געהאַט. עפּעס צערונען געוואָרן אונטער די הענט. אים דאַכט זיך, אַז ער איז נאָך פון קינדוועיז אָן געווען אַ דערוואַקסענער, אַ גרויסער מענטש, און אַז פון קינדווייז אָן נאָך האָט ער ליב געהאַט צו לייענען אַ סך, צו שרייבן שיין און זייער פיל, און לערנען. ער האָט אַליין געלערנט און געלערנט מיט אַנדערע . . .

***

און ווען מרדכי האָט פאַרענדיגט די לעקציע, זיינען די האַרע־פּאַשנע טאַטעס און מאַמעס געווען זייער צופרידן און זיי האָבן אויסגעדריקט דורך זייערע וואַרעמע בליקן גרויס דאַנקבאַרקייט צו זייער טייערן לערער, וואָס ער קען זיי געבן צו פאַרשטיין זאַכן, וואָס זיי פאַרשטייען ניט אַזוי גוט. און זיי האָבן זיך אַזוי געפרייט מיט דעם גרוס פון זיין אַמאָליגן שילער, וואָס איז געוואָרן אַ פּראָ־פעסאָר. און מען האָט גאָר הנאה געהאַט יענעם אָוונט.

און שפּעט אין אָוונט האָט זיך דער לערער געלאָזט פון שול צו דער באַן־סטאַנציע. גרויסע אַכט בלאָק דאַרף ער אַזש גיין. און אין דרויסן הויבט זיך עפּעס אויף אַ שטורעם, אַ ווינט בלאָזט, אַ שטאַרקער ווינט, און ס׳איז גליטשיג, אַז מען קען נאָר פאַלן. נאָך אַ גליק, וואָס אַ גרויסע לבנה שווימט אַרום אויפן הימל.

און מרדכי האָט צונויפגעשטעלט ביי זיך אין קאָפּ אַ פּאָע־טישע שורה: „אַ שטורעם, אַ ווינט און אַ גרויסע לבנה!" און מרדכי לאָזט שוין דעם זאַץ ניט אָפּ. ער גייט און חזר׳ט אים אי־בער ביי זיך אין קאָפּ עטלעכע מאָל. און דער זאַץ לאָזט שוין מרדכי׳ן ניט אָפּ.

און ער גייט און ער טראַכט, אַז ער וועט טאַקע שמואל׳ן אָנ־שרייבן אַ גרויסן בריוו מאָרגן, גאָר אַ גרויסן בריוו. ערשטנס, וועט ער אים שרייבן, אַז זיין בילד, שמואל׳ס, האָט אַרויסגערופן ביי יעדן איינעם פרייד, ביי קליין און גרויס. און צווייטנס, וועט ער אים שרייבן ווי אַזוי אין זיין איצטיגער שול האָבן זיך פונקט אַזעלכע עלטערן, ווי זיינע, שמואלס עלטערן, זייער אַוועקגעלייגט, אַז די שול זאָל זיך ניט צומאַכן. און ער וועט אים טאַקע אינגאַנצן איבער־געבן, ווי זיי האָבן געזאָגט: „יאָ, ס׳אַ שווערע צייט, אָבער די קינדער־שול מוז מען בויען!" . . .

דערווייל איז מרדכי אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע. אויף דער סטאַנציע איז געווען כמעט־פינצטער. בלויז אַ פּאָר מענטשן האָבן געוואַרט אויף דער באַן. ס׳איז שוין מרדכי׳ן געווען גוט קאַלט. און פינצטער איז געווען. און אַזוי ווי קיין פיל מענטשן

זיינען ניט געווען, האָט ער זיך געקלאַפּט אַ פּוס אָן אַ פּוס, אַ האַנט אָן אַ האַנט, זיך צו דערוואַרעמען.

— מען דאַרף זיך מער אַביסל פאַרהאַרטעווען. ס'איז אַן ערנסטע צייט! — רעדט צו זיך אַליין מרדכי, — נו, איז וואָס, אַז ס'איז אַביסל פינצטער? נו, איז וואָס, אַז מען איז אַביסל הונגעריג? נו, איז וואָס, אַז ס'איז אַביסל קאַלט? מיר לעבן אין זייער אַן ערנסטער צייט! . . .

און מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט פונדערווייטנס דאָס טאַראַ־טאַקען פון דער באַן. מען האָט שוין געקענט זען פונדערווייטנס די לעמפּלעך. איז, אַז מען שטייט אין אַ שפּעטן אָוונט אויף אַ לאַנגער סטאַנציע, אַ כמעט־פינצטערער מיט אַ פּאָר מענטשן, און ס'איז קאַלט, ווערט טאַקע פרייליכער, ווען מען דערזעט שוין אַ באַן.

און די סאָבוועי איז נאָך אָנגעקומען מיט אַ שטאַרקערן טראַסק, ווי בייטאָג. ליכטיגער איז מיטאַמאָל געוואָרן. די טירן האָבן זיך ברייט צעעפנט. אַלע צעעפנטע טירן זיינען געווען איצט־אָ, אין דעם שפּעטן אָוונט, זייער ברייט־האַרציג. זיי האָבן זיך ממש גע־בעטן, אַז מענטשן, פּאַסאַזשירן, זאָלן זיך רייבן לעבן זיי, נאָר בלויז אַ פּאָר שפּעט־פּאָרער זיינען אַרויס פון די וואַגאָנען און אַ פּאָר זיינען אַריין. און אויך מרדכי איז אַריין.

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ באַקוועמען ווינקל־זיץ־פּלאַץ. ס'איז געווען אויף אויסצוקלייבן, אַ שיטערלעך־באַזעצטער וואַגאָן. און ער האָט ווידער אין קאָפּ געשריבן דעם לאַנגן בריוו:

„און שמואל, שמואל, מיין טייערער שמואל, מיין פּאַר'חלומ'־טער שמואל, — האָט ער אין־זיך פאַרצויגן אַ ניגון, — און איך וועל דיר שרייבן וועגן אַ סך זין אין אונזערע שולן!״ . . .

און שיר־שיר וואָלט מרדכי פאַרגעסן אַרונטערצוגיין פון דער באַן, אַזוי פאַרטראַכט איז ער געווען. ס'אַ גליק, וואָס ער האָט זיך געכאַפּט, ווען די טירן זיינען שוין געווען אָט־אָט צוגעמאַכט. האָט ער זיך געגעבן אַ האַסטיגן הויב־אויף, זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער טיר, אַ צי געטאָן די טיר אויף צוריק און זיך קוים אַרויס־

געכאַפּט.

און אַז ער האָט זיך שוין אַרויסגעכאַפּט, האָט אים דער ווינט גלייך געגעבן אַ נעם אַרום, אַ כאַפּ אַריין, און אים אָנגעהויבן צו באַבלאָזן פון אַלע זייטן, אַריינגעקראָכן דורכן מאַנטל, דורך די שפּיצן פון די הויזן, און אָנגעהויבן דורכנאָדלען זיין קערפּער. האָט זיך מרדכי מער איינגעטוליעט אין־זיך, אויפגעשטעלט העכער דעם קאָלנער און זיך געלאָזט מיט שנעלערע טריט, טאַקע שפּאַנען איי־ליג: „אוי־וואַ, אוי־וואַ, עס ווערט טאַקע דער אמת'ער שטורעם!"

און אַז ער האָט פּאַר זיך אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט שטורעם, איז שוין צוריקגעקומען צו אים זיין פּאָעטישע שורה: „שטורעם און ווינט און גרויסע לבנה!" און ער האָט אָנגעהויבן באַזינגען דעם זאַץ, באַ'ניגונ'ען דעם אַרויסזאָג.

און מיטאַמאָל האָט ער זיך געגעבן אַ גליטש אויס. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געגעבן אַ בויג אויף צוריק, אָט־אָט, גיט ער זיך אַ צי־אויס, אַ פּאַל אויפן טראָטואַר, און וואָלט זיך געקענט, חלילה, אויסברעכן אַ פוס, אַ האַנט, אויסלענקען אַ פּאָר ביינער אָדער צעשמעטערן דעם קאָפּ. האָט ער זיך מיט אַלע כוחות האַסטיג אַ בויג געטאָן פּאָראויס און קוים געקראָגן זיין גלייכגעוויכט.

„איז טאַקע גוט אַזוי, — האָט ער געשמייכלט צו דער גרויסער לבנה, וואָס זי שיינט איצט אַראָפּ — אינמיטן דער נאַכט, ווען מען בלייבט אַזוי ליגן אינמיטן גאַס, און אַרום איז פינצטער, די קראָמען זיינען שוין פאַרמאַכט און די גאַס־לאָמפּן זיינען אַזוי שיטער צע־שטעלט און באַלייכטן אַזוי טונקל, איז ניט גוט, גאָר ניט גוט, מע טאָר ניט פאַלן!" . .

איז ער שוין געגאַנגען פּאַוואָלינקע, אויף ציפּ־פינגערלעך, פּאָר־זיכטיג געשטעלט זיין טראָט, און בשעת־מעשה געשמייכלט צו זיך אַליין: „ביסט אַ גליקלעכער מענטש, מרדכי, וואָס טוסטו, ווען דו גיסט אַ פאַל און דו צעברעכסט דיר אַ פוס, ווער וואָלט געגאַנגען מאָרגן לערנען אין שול אַריין? און וואָס טוסטו, ווען דו צעברעכסט דיר אַ האַנט, ווי אַזוי וואָלסטו געשריבן אַ גרויסן בריוו צו דיין

גוטן תלמיד שמואל?"

און אַזוי איז ער שוין צוגעקומען צו דער טיר פון זיין הויז. און ער איז געווען זייער אַ צופרידענער. האָט ער זיך דערפאַר אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער גאַס. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף דער נאַכטישער שטילער וועלט, וואָס איז שוין גאַרניט געווען אַזוי שטיל. און ער האָט זיך צעזונגען גאַר אויף אַ גמרא־ניגון, וואָס ער טראָגט אין זיך פון קינדרווייז אָן, פון חדר, פון דער ישיבה:

„מאי קא משמע לן, דו שטורעם, וואָס־זשע לאָזט מיך דאָ הערן? דו לאָזט מיך הערן, אַז אַ גרויסער שטורעם איז איצט אויף דער וועלט, וואָס וויל אומברענגען די קולטורן און די לעבנס פון אַלע פעלקער.

מאי קא משמע לן, דו ווינט, וואָס־זשע לאָזטו מיך דאָ הערן? דו לאָזט מיך הערן, אַז דו וועסט פאַריאָגן דעם שטורעם פון דער וועלט און וועסט ברענגען וואַרעמקייט און ליבע צו די מענטשן.

מאי קא משמע לן, דו גרויסע לבנה, וואָס־זשע לאָזטו מיך דאָ הערן? דו לאָזט מיך הערן, אַז ס'וועט קומען אַ צייט, אַז ניט נאָר וועט שיינען איבער אונז אַ גרויסע זון אַ גאַנצן טאָג, נאָר אויך ביינאַכט וועט באַליכטיגן אונזער וועלט אַ שיינע גרויסע לבנה!...

און מאָרגן, מאָרגן גלייך אינדערפרי, וועט מרדכי, דער אי־דישער לערער, דער פאָלקס־לערער, זיך אַוועקזעצן און אָנשרייבן אַ גרויסן בריוו צו זיין תלמיד. ער וועט אים פון אַלע און אַלעמען שרייבן. ער וועט אַלעס באַשרייבן, אַ גאַנצע דערציילונג וועט ער פון זיין בריוו מאַכן און ער וועט ענדיגן מיט די וואַרעמסטע ווער־טער: „שמואל, שמואל, מיין טייערער שמואל! געדענקסטו, וואָס איך האָב דיר פאָראויסגעזאָגט, פאַר'חלום'טער שמואל, אַז דו וועסט אַמאָל ווערן אַ לערער — וועסטו שוין זיין א י י נ מ אָ ל אַ לערער!"...

(וואַריאַנט פון: „פאַר'חלומ'טער שמואל, שלאָגט זיך בראַוו",
ס. ב. נומער 43 — „דער אַלטער לערער", געדרוקט מ. פ.
יאַנ.־פעב., 1952.)

### מיט דעם ערשטן באַנד

# אַ שפּראַך איז ווי אַ גאָרטן

האָבן מיר אָנגעהויבן אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן 20 דינע בענדער דער־ציילונגען, בילדער, שפּילן און מעשה׳לעך פון און אַרום די אידישע קינדער־שולן. דער שרייבער איז געשטאַנען מיט די שולן 20 יאָר און פאַרצייכנט אויף אַ בעלעטריסטישן אופן דעם שול־טוער, דעם לערער, די קינדער און די שול. די אַרבעטן זיינען געווען געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט״, „טריבונע״, „יונגוואַרג״, „היים און דערציאונג״. זיי ווערן איצט איבערגעאַרבעט און געגרייט צום דרוק.

מיר ווילן זיך באַגעגענען מיטן לייענער און זיך דורכרעדן וועגן דעם. טוער אין מאַסן־אָרגאַניזאַציעס זיינען געבעטן אויפנעמען דעם ענין וועגן אַ באַזוך אין אייער אָרגאַניזאַציע. יחידים זיינען גע־בעטן זיך אַבאָנירן און העלפן פאַרשפּרייטן אַ בוך.

## דער פּרייז איז איין דאָלער און העכער

לייוונט געבונדן • 96 זייטן • גרויסער שריפט

דער פּראָגרעסיווער אידישער שרייבער שפּאַרט זיך אָן אויפן וואָרעמען אָפּרוף פון די פּראָגרעסיווע אידישע פאָלקס־שולן. שרייבט, טעלעפאָנירט:


### שלמה דאַווידמאַן

3109 Brighton 7th Street, Brooklyn 35, N. Y.

NI. 8-0984 PR. 3-9114




### עס גייט צום דרוק דער צווייטער באַנד

# אַלגינם וואָרט איז ווי אַ ליד

זעקס אַלגין־שול־דערציילונגען און אַנדערע.